# אין קאַמף
# פאַר א אידישער מלוכה



פון
אַ. צייטלין

אַרויסגעגעבן פונם
אידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד
ניו-יאָרק, 1943

פרייז 10 סענט

איצט, אין אַ צייט פון טויטלעכן גערעַנגל צווישן פעלקער און לענדער, ווען דאָס אידישע פאָלק, פאַרבלוטיקט דורך טויזנטער וואונדן, זוכט אַ וועג צו נאַציאָנאַלער רעטונג און גאולה, זיינען אויפגעשטאַנען ביי אידן בלינדע פירער. זיי זוכן צו פאַרטומלען די מוחות און אָראָפּצופירן דאָס אידישע פאָלק פון דעם וועג וואָס פירט אים צו זיין היסטאָרישער היים, צו אַ לעבן פון זעלבסטשטענדיקייט און גייסטיקער דערהויבונג.

די דאָזיקע נייע „פאַרזאָרגער״ פאַרוויקלען זיך אין אַ טלית שכולה תכלת, צעדרייען פסוקים פון נביאים, געדאַנקען פון אידישע דענקער, און זוכן צו באַווייזן, אַז נאַציאָנאַלע שקלאַפעריי און אייביקער גלות איז די דער־הויבענע מיסיע פון אידישן פאָלק. ניט האָבנדיק דעם מוט צו קעמפן פאַר אַ באַנייטן אידישן לעבן, ניט פאַרמאָגנדיק דעם כוח צו מאָנען פון דער וועלט פאַרגיטיקונג פאַר דער אומגערעכטיקייט, וואָס איז געטאָן געוואָרן צום אידישן פאָלק אין משך פון 2000 יאָר, האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אין אַן אידייע, וואָס פירט צו דער פאַנאַנדערגלידערונג און צעברעקלונג פון אידישן פאָלק, אַן אידייע וואָס מוז ברענגען צו אַסימילאַציע און אונטערגאַנג.

די דאָזיקע בראָשור פון באַרימטן שריפטשטעלער אַהרן צייטלין, וואָס דער צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַר־באַנד ברענגט דאָ צום אידישן לעזער, ווייזט אָן אויף דעם אַבסורד פון זייערע רייד און שטרייכט אונטער די געפאַר, וואָס עס לויערט אויף אונדז פון יענע זיסע סם־ווערטער. דער אויסדרוק „ודע מה שתשיב...״ איז איצט חל אויף יעדן איינציקן אידן. מיר מוזן געבן אַ שאַרפן און קלאָרן ענטפער צו יענע וואָס ווילן אַריינטראָגן אין אונדזערע רייען זייערע שעד־לעכע געדאַנקען, און אָפּצוטויטן דעם אידישן געשיכטלעכן דראַנג נאָך גאולה שלמה.

צענטראַלער בילדונגס־קאָמיטעט

פון

**אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד**

ו

# אויפשטאַנד פון די אונטערגאַנג־אידן

דורך דער גאַנצער אידישער געשיכטע ציט זיך אַ קאַמף צווישן דעם ווילן צום קיום און יענעם קראַנקן ווילן צום טויט, וואָס רופט זיך אַסי־מילאַציע.

ווער זיינען געווען יענער טוביה דער עמונ׳ער און יענער סנבלט דער חורונ׳ער, וואָס האָבן צוזאַמען מיט גשם דעם אַראַבער אַזוי בייז און פאַר־ביטערט געשטערט דעם אויפבוי פון ירושלים אין די צייטן פון עזרא און נחמיה?

מעגלעך, אַז דאָס זיינען געווען אַסימילירטע אידן פון צווישן די „ביי־טיווס״... האָט איינער געהייסן אַן עמוני און דער צווייטער אַ חורוני אויף דעם זעלבן שטייגער, ווי מ׳וואָלט, למשל, געזאָגט: אַ חורונ׳ז פון „דזשואיש עקסטראַקשאַן״ און אַן עמונ׳ער פון משה רבנו׳ס גלויבן.

אויב אַזוי — זיינען די אונטערגאַנג־אידן שוין דעמאָלט, אין עזר״א און נחמיה׳ס צייטן, געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט די אַראַבער.

די זעלבסטמאָרד־אידן האָבן שטענדיק געדינט די פיינט פון זייער פאָלק און געטאָן האָבן זיי עס אין די „בעסטע אינטערעסן״ פון נאַציאָנאַלן טויט. די העלעניסטן, אָדער מתיוונים, זיינען געגאַנגען מיט די גריכן אין שותפות־דיקן קאַמף קעגן יידישער אייגנאַרט. פון אייביק אָן האָבן די אינעווייניקסטע שונאים געהאָלפן די שונאים פון דרויסן. דאָס איז אַ שטריך, וואָס פאַר־בינדט די אונטערגאַנג־אידן פון אַלע דורות.

די עמאַנציפּאַציע, וואָס איז געקומען אויף דער וועלט אין 1791, האָט אָט די קראַנקע אידן מיט דעם ברענענדיקן ווילן צום פאַרשווינדן געגעבן אַ ברייטע מעגלעכקייט אָפן און גאַליק צו באַקעמפן דאָס, וואָס זיי האָבן באַ־צייכנט ווי אַ גייסטיקע געטאָ און וואָס איז געווען ניט עפּעס אַנדערש ווי דער „איך״ פון זייער פאָלק.

די שנאה צום לעבעדיקן און ליידנדיקן איד, צו יענעם איד, וואָס האָט זיך איינגעג׳עקשנט און וויל ניט פאַרשווינדן, — אָט די שנאה האָט זיך פאַרשטעלט אין אַ כלומרשטן ווילן אים „אויפצוקלערן״ און אויסצוואָרצלען פון אים די „פאָראורטיילן״, דאָס הייסט: צורויבן ביי אים דאָס אַלץ, וואָס אימוניזירט אים קעגן אונטערגאַנג.

די שנאה צו זיך אַליין האָט זיך פאַרמאַסקירט אַלס ליבע צו דער „וועלט״. ס׳איז אויפגעקומען אַ סאָרט צביעות׳דיקע „ליבע צו די ווייטע״, וואָס איר פסיכישע סיבה איז געווען — שנאה צו די נאָענטע.

דער קאַמף האָט זיך באַזונדערס צוברענט פון זינט עס איז דעמאַסקירט געוואָרן די עמאַנציפּאַציע און עס איז אויפגעקומען דער ציוניזם — אַט די אָרגאַניזירטע פאָרם פון ליבע צו די נאַענטע, פון ליבע צו דער לעבעדיקער אידישע נאַציע.

אין אַמעריקע ווערט איצט דער קאַמף באַנייט דורך אַ בינטל שונאי־ציון, וואָס צו זייערע מעשים און טעאָריעס און צו זייער נאָענטער שייכות מיט די באַקראַטירטע אידעאַלן פון דער עמאַנציפּאַציע איז כדאַי זיך צוצוקוקן פון דער נאָענט. אויך זיי ריידן אין נאָמען פון דער „וועלט", פון אוניווער־סאַליזם וכדומה. מ'דאַרף זיך ניט מאַכן קיין אילוזיעס: זייער צאָל וועט זיך מערן און שטאַרקן, וואָס נענטער עס וועט זיך ווייזן לאַנד צו דעם אומגליק־לעכסטן פון אַלע פעלקער, וואָס שווימט אין אַ ים פון אייגן בלוט.

אָט פאַרוואָס קאָנטר־אָפענסיווע איז נויטיק — און פאַרוואָס זי איז נויטיק באַצייטנס.

2

## דריי עטאַפּן פון אַסימילאַציע: פראַנקרייך, דייטשלאַנד, אַמעריקע

די אַמעריקאַנער אַסימילאַציע איז דערשראָקן און קלאָפּט טרע־וואָגע. פון גרויס שרעק איז זי אַזש העלדיש געוואָרן — העלדיש און אַגרעסיוו. אַ פּחד איז געפאַלן אויף אַ טייל יאָהודים און אויף ראַבייס פון דעם אַלטן רעפאָרמיסטישן חדר. 93 ראַבייס האָבן געשאַפן אַן אַזוי געררו־פענעם „אמעריקאַנער קאָונסיל פאַר דזשודאאיזם". עס איז אַ מין „שנאת ציון, אינקאָרפּאָרייטעד". ווען עס זייגען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די — ליידער אויטענטישע — פּראָטאָקאָלן פון די „זקני אַנטי־ציון", האָט מען דער־זען פאַר זיך אַ פאָרמעלע פאַרשווערונג פון אַ מינדערהייט, וואָס האָט אין קאַמף קעגן אַ אידיש לאַנד באַשלאָסן צו גיין אויפן וועג פון אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד, אויסנוצן אַלע מיטלען און השפעות און שאַפן אַ באַוועגונג.

הינטער די ראַבייס, וואָס ריידן אין נאָמען פון דעם נביאישן אוניווער־סאַליזם, שטייט אַ גרופּע גייסטיק געשמדטע געלט־אידן. מען ציט דראָטן אין וואַשינגטאָן און מען איז גרייט אַלץ צו טאָן, אַבי ארץ־ישראל זאָל זיין אַן ארץ־ישמעאל און זאָל, חלילה, ניט ווערן קיין מקום־מקלט פאַר דעם אומגליקלעכסטן פון אַלע פעלקער. קאַפּיטאַל־אידן און אוניווערסאַל־אידן אָרגאַניזירן אַ פאַרשווערונג אויף דער לעצטער האָפענונג פון אַ פאָלק צו ווערן געראַטעוועט.

פון איין זייט קומט מען מיט דעם אַרגומענט פון דער אידישער רעלי־גיע, וואָס איז כלומרשט קעגן דער אידעע פון אַן אייגענער מלוכה, און מען

באַמיט זיך פאַרצושטעלן די גאולה־האָפענונג פון אידישן פאָלק ווי אַ מין אויפשטאַנד פון בייזוויליקע, פאַרדאַרבענע, אַנטי־נביאישע אידן, קעגנער פון דעם אוניווערסאַלן רעליגיעזן געדאַנק, פון „וגר זאב עם כבש" און פון פאַרשפרייטן גאָט'ס וואָרט איבער דער וועלט. פון דער אַנדערער זייט קומט מען מיט דער אַלטער קנעכטישער טענה, אַז אַן אייגן לאַנד וועט כלומרשט שטעלן אין ביטערער געפאַר די ציווילע רעכט פון אידן אין זייערע וואוין־לענדער. די טענה איז, אַז אידן שלעפּן אַרויף אויף זיך אַ וויסטע צרה — די צרה פון דאָפּלטער לאָיאַליטעט. מען קען כלומרשט ניט זיין קיין גוטער אַמע־ריקאַנער, אויב מען שטרעבט צו אַ אידיש היימלאַנד.

לאָמיר אָנהויבן פון דעם לעצטן אַרגומענט.

כדי צו פאַרשטיין, פון וואַנען עס נעמט זיך צו דער אַמעריקאַנער אַסי־מילאַציע אַזאַ סאָרט טענה, איז נויטיק צו מאַכן אַ קורצע געשיכטלעכע עקס־קורסיע. עס איז דירעקט פאַרבונדן מיט די לאַנג־שוין באַנקראָטירטע אידייען, וואָס זיינען אויפגעשוואומען אין דעם אידישן לעבן ווי אַ רעזול־טאַט פון דער אַזוי־גערופענער עמאַנציפּאַציע.

די בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע פון אידן איז, ווי אַלע ווייסן, געווען אַ פּראָדוקט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט געגעבן גלייכע רעכט דער אידישער מינדערהייט. ניט באַלד און ניט אויף אַ מאָל האָבן אידן די דאָזיקע רעכט באַקומען. עס איז, דאַכט זיך, געווען אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט, אַז די רעוואָלוציע, וואָס האָט פּראָקלאַמירט פרייהייט, גלייכקייט און ברידערלעכקייט, זאָל אויף אַ לאָגישן אופן אָנווענדן אירע אייגענע פּרינציפּן בנוגע אידן און זיי גלייכבאַרעכטיקן אָן שום דיסקוסיעס. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די פראַגע איז גאָרניט אַזאַ לייכטע און אַזאַ פּשוטע, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אַ הייסער ויכוח וועגן דעם, צי זיינען אידן אַ פאָלק אָדער בלויז אַ רעליגיעזע גרופּע אָן שום נאַציאָנאַלע סימנים. קעגן גלייכבאַרעכטיקונג זיינען אַרויס־געטראָטן די יעניקע, וואָס זיינען געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז אידן זיינען אַ פאָלק. אַנהענגער, ווידער, פון גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אידן זיינען געווען די, וואָס האָבן באַטראַכט אידן ווי מיטגלידער פון אַ רעליגיעזער סעקטע. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז אין דעצעמבער 1789, אויף דער היסטאָרי־שער זיצונג פון דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, האָט דער אידן־פריינדלעכער קלערמאָן־טאָנער אַרויסגעשטעלט די פאָרמולע, וואָס איז אָנגע־נומען געוואָרן ווי אַ יסוד פאַר דער אידישער עמאַנציפּאַציע: „פאַר אידן ווי אַ נאַציע — גאָרניט, פאַר אידן ווי יחידים — אַלץ".

איז עס געווען אין גייסט פון דעם דאָזיקן תנאי, ווען נאַפּאָלעאָן האָט אין 1807 געפאָדערט ביי די מיטגלידער פון סנהדרין, וואָס ער האָט צונויפגע־רופן אין פּאַריז, אַז זיי זאָלן אָפּן און פייערלעך זיך אָפּזאָגן פון יעדער פרע־

טענזיע אויף נאַציאָנאַלער באַזונדערקייט. דער סנהדרין האָט עס געטאָן, און אויסגעזען האָט עס ווי אַ פאָרמעלע באַשטעטיקונג פון דעם אָפּמאַך, אַזוי צו זאָגן, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן בעת דער רעוואָלוציע צווישן אידן און קריסטן: אידן טאָרן מהיום והלאה קיין פאָלק ניט זיין און דערפאַר פאַרפליכטן זיך די גויים צו לאָזן זיי אָטעמען אויף גאָטס ערד.

האָבן אידן אין פאַרשידענע לענדער געפּרואווט האַלטן דעם אָפּמאַך, און געטאָן האָבן זיי עס שיער ניט מיט ענטוזיאַזם, אָבער דער צווייטער צד האָט קיין וואָרט ניט געהאַלטן. גאָר אין גיכן האָט דער אייביקער אידן־האַס צעריסן דעם קאָנטראַקט. אָבער די קנעכטישע פּסיכאָלאָגיע פון דער אַסי־מילאַציע האָט „מוטיק״ איבערגעלעבט אַלע אַנטוישונגען. אין 1870, ווען די איטאַליענישע אַרמיי האָט באַפרייט רוים פון דעם פּויפּסט׳ס הערשאַפט, האָט די דאָרטיקע אידישע קהילה דערלאַנגט דעם קעניג וויקטאָר עמנואל אַן אַדרעס, וואָס זיינע ערשטע ווערטער זיינען געווען: „מיר זאָגן איצט אַרויס דעם נאָמען איד צום לעצטן מאָל״. דאָס האָט געדאַרפט זיין דער פּרייז פאַר דער בירגערלעכער פרייהייט, וואָס אידן האָבן באַקומען מיט דעם אַריינ־מאַרש פון די קעניגלעכע חיילות קיין רוים.

און רעדט מען וועגן דער ירושה, וואָס די עמאַנציפּאַציע האָט אונז איבערגעלאָזט, איז נויטיק צו האָבן אין זינען אָט די צוויי פאָרמולעס — די אויבן געבראַכטע פאָרמולע פון קלערמאָן־טאָנער: „פאַר אידן ווי אַ פאָלק — גאָרניט״, און די קנעכטישע ווערטער פון דער אידישער פאָרשטייערשאַפט אין רוים אין 1870: „צום לעצטן מאָל ריידן מיר אַרויס דעם נאָמען איד״.

די עמאַנציפּאַציע האָט אָנגענומען, אַז אידן זיינען אַ ריין־רעליגיעזע גרופּירונג. האָבן די עמאַנציפּירטע אידן פון מערב־איראָפּע זיך אַרומגע־זען, אַז אויב אַזוי — דאַרפן זיי האָבן אַן אייגענע, ספּעציעל פאַר זיי צוגע־פּאַסטע, רעליגיע, וואָס זאָל פריי זיין פון יעדן נאַציאָנאַלן מאָמענט, און אַזוי אַרום איז געבוירן געוואָרן דאָס, וואָס מיר רופן „רעפאָרם־אידישקייט״. די רעפאָרם, אַ פועל־יוצא פון דער עמאַנציפּאַציע, האָט געשאַפן אין מערב־איראָפּע דעם משונהדיקן טיפּ איד, וואָס איז אין דייטשלאַנד געווען אַ דייטש, אין פראַנקרייך אַ פראַנצויז, אין פּוילן אַ פּאָליאַק, און האָט צו זיין פראַנ־צויזישער, דייטשער אָדער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט צוגעטשעפּעט די אויסטערלישע באַצייכענונג: „פון משה׳ס גלויבן״.

אַזוי ווי די אַלע זיינען געווען אַסימילירט מיט באַשטימטע פעלקער און קולטורן, און פון דער צווייטער זייט האָט זייער אידישקייט, די רעליגיע פון דער רעפאָרם, גערעדט אין נאָמען פון אַ מין ווייטן קאָסמאָפּאָליטיזם, האָט זיך באַקומען אַן אינעווייניקסטער ווידערשפּרוך.

טרעפן מיר דעם דאָזיקן ווידערשפּרוך אויך אין די טענות און טעאָריעס פון דער אַמעריקאַנער אַסימילאַציע, וואָס איז לעצטנס געוואָרן אַגרעסיוו פון

גרויס שרעק, טאָמער וועט פּלאַצן איר חלום פון קנעכטשאַפט. די ראַביים, וואָס פּריידיקן איצט שנאת־ציון און אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד אין נאָמען פון באַנקראָטירטע אידייען, ריידן סיי אין נאָמען פון דעם, וואָס זיי רופן אוניווערסאַליזם, סיי אין נאָמען פון לאָיאַליטעט צום אַמעריקאַנער פאָ־טערלאַנד. אָבער סיי דער נביאישער אוניווערסאַליזם, אויף וועלכן זיי פאַר־רופן זיך אין זייער אַנטי־ציון־אַרבעט, סיי דער אַמעריקאַניזם, וואָס ווערט אַזוי אָפט באַטאָנט דורך זיי — ביידע ווערן לחלוטין פאַלש אויסגעטייטשט.

לאָמיר זיך צוקוקן צום ענין אַמעריקאַניזם.

פּונקט ווי די רעפאָרם־אַסימילאַציע אין דייטשלאַנד האָט זיך פון איין זייט — פון דער רעליגיעזער — פּראָקלאַמירט אַלס שטרענג אוניווערסאַ־ליסטיש, פון דער צווייטער זייט — דער בירגערלעכער — אַלס אולטראַ־דייטשיש, — אַזוי שטעלט אַרויס אונדזער „אוניווערסאַליסטישע" אַסימילאַציע איר שלעכט פאַרשטאַנענעם אַמעריקאַניזם, ווי אַן אַרגומענט קעגן די נאַציאָ־נאַלע אידישע אַספּיראַציעס און קעגן ארץ־ישראל ווי אַ אידיש היימלאַנד. מען וויל זיין ניט אַמעריקאַנער אַזוי ווי אַלע, נאָר עפּעס גאָר אַ באַזונדערע ראַסע איבער־אַמעריקאַנער.

וואָס איז די אידייע פון אַמעריקאַניזם? אויב מען פאַרשטייט עס ניט אויף אַן ענג־איראָפּייאישן, נאָר אויף אַ ברייטן, אמת־דעמאָקראַטישן שטיי־גער, לאָזט זיך דאָ ניט ריידן וועגן קיין שום שמעלצטאָפּ־אידעאַלן. די אַמע־ריקע פון עמערסאָן, טאָראָ, וויטמאַן און דזשיימס איז ניט קיין סינאָנים פון אַבסאָלוטער אויסגלייכונג און אויסמישונג, נאָר קאָן גיכער פאַרגליכן ווערן צו אַ גרויסן אָרקעסטער, וואָס שאַפט די האַרמאָניע פון אַ דעמאָקראַטיע און וואו יעדער אינסטרומענט איז חשוב פאַר זיך אַליין. די בעסטע אַמעריקאַ־נער אינטעלעקטואַלן שטייען דעריבער אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם, וואָס מען האָט לעצטנס אָנגערופן: קולטורעלער פּלוראַליזם, און וואָס דער טייטש דערפון איז, אַז יעדע גרופּע איז באַרעכטיקט צו אַנטוויקלען איר אייגענע קולטור אין די ראַמען פון דעם אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישן שטייגער.

דער דאָזיקער באַגריף פון אַמעריקאַניזם איז, ווייזט אויס, לחלוטין אַ פרעמדע זאַך פאַר אונזערע אַנטי־ציון־ראַביים און פאַר געוויסע ניט־גע־שמדטע קאַפּיטאַל־משומדים. די אַנטי־נאַציאָנאַלע געלט־אידן, וואָס שטייען הינטער די ראַביים און שטיצן זייער אַרבעט, לעבן נאָך מיט די טויטע באַ־גריפן פון דער מערב־איראָפּייאישער עמאַנציפּאַציע, וואָס איז באַלד פון אָנהויב געווען אַ מיספאַרשטענדניש.

לואיס בראַנדייס האָט אין זיינער אַ בראָשור, „ציוניזם און פאַטריאָ־טיזם", אויפגעוויזן, אַז די אידייע פון אַמעריקע און די אידייע פון אַ אידיש היימלאַנד — ניט נאָר וואָס זיי שליסן ניט אויס איינע די צווייטע, נאָר, פאַר־קערט, זיי דערגאַנצן זיך אַפילו. אָט זייער עטלעכע אויסצוגן פון דעם, וואָס

לואיס בראַנדייס — אַ פּולער אַמעריקאַנער און צוגלייך אַ פולער נאַציאָנאַלער איד — האָט געשריבן וועגן דעם ענין:

„דאָס פונדאַמענטאַלע געזעץ פון אַמעריקע שטרעבט דערצו, אַז עס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן די אַל־מענטשלעכע ברודערשאַפט. דאָס איז אויך די פונדאַמענטאַלע אידישע לערע פון העכער צוויי טויזנט פינף הונדערט יאָר צוריק. אַמעריקעס שטאַרקסטע פאָדערונג אין דעם צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט איז די פאָדערונג פון סאָציאַלן יושר. דאָסזעלבע איז געווען דעם אידנס שטרעבונג אין משך פון דורות. די ליידן און די רעליגיע האָבן די אידן רייף געמאַכט פאַר עפעקטיווער דעמאָקראַטיע. די פאַרפאָלגונגען האָבן אויסגעברייטערט זייערע סימפּאַטיעס, זיי איינגעוואוינט צו געדולדיקער אויס־דויער, צו זעלבסט־קאָנטראָל און מסירת־נפש, געמאַכט זיי דענקען פונקט אַזוי גוט ווי ליידן. עס האָט פאַרטיפט זייער ליידנשאַפט פאַר גערעכטיקייט.

„דער אידישער גייסט, דער פּראָדוקט פון אידישער רעליגיע און פון דורותדיקע דערפאַרונגען, איז, לויט זיין וועזן, מאָדערן און אַמעריקאַניש. קיין מאָל פון זינט דער צעשטערונג פון דעם בית־המקדש זיינען אידן, אין גייסט און אידעאַל, ניט געווען אַזוי אין פולער האַרמאָניע מיט די איידלסטע אַספּי־ראַציעס פון דעם לאַנד, וואו זיי וואוינען, ווי דאָס איז דער פאַל אין אַמעריקע. דער אידישער גייסט, אַזוי לאַנג אָפּגעהיט, דער אידישער כאַראַקטער, אַנט־וויקלט דורך אַזוי פיל דורות פון מסירת־נפש, דאַרפן ווייטער אָפּגעהיט און אַנטוויקלט ווערן אַזוי, אַז די זין פון דער ראַסע זאָלן סיי אין אַמעריקע, סיי ערגעץ אַנדערש, אויך אין דער צוקונפט לעבן אַזעלכע לעבנס און טאָן אַזעלכע מעשים, וואָס זאָלן ווערט זיין דעם אָנדענק פון זייערע אָבות.

אָבער אידיש לעבן קען ניט פאַרגעזעצט און אַנטוויקלט ווערן, אַסימי־לאַציע קאָן ניט באַזייטיקט ווערן אין אונזער צייט, נאָכדעם ווי עס זיינען גע־פאַלן די געטאָ־ווענט, סיידן עס וועט ניט צוריק אויפגעשטעלט ווערן אין דעם אידישן היימלאַנד אַ צענטער, פון וואַנען דער אידישער גייסט זאָל שיקן זיין ליכט און באַשענקען די אַלע אידן, וואָס זיינען צעזייט איבער דער וועלט, מיט אַן אינספּיראַציע, וואָס וואָרצלט אין די זכרונות פון אַ גרויסער פאַר־גאַנגענהייט און אין דער האָפענונג פון אַ גרויסער צוקונפט".

בראַנדייס געפינט, ווי מיר זעען, באַרירונגס־פּונקטן צווישן דער אַמע־ריקאַנער און דער אידישער אידייע. די אידישע אידייע, ווידער, פאַרבינדט ער מיט אַן אייגן לאַנד, מיט ארץ־ישראל. ווייל נאָר אַן אייגן לאַנד קאָן ראַטעווען די טרעגער פון דער דאָזיקער אידייע סיי פון נאַציאָנאַלן אונטער־גאַנג, סיי פון סתם דעמאָראַליזאַציע אין די גלות־לענדער. בראַנדייס רעדט אין דעם צוזאַמענהאַנג וועגן דער אַמעריקאַנער אידישער יוגנט, וואָס מוז, אויב זי וועט דערצויגן ווערן אַן דעם אידישן אידעאַל, ניט נאָר נאַציאָנאַל, נאָר אויך רייך־מענטשלעך דעמאָראַליזירט ווערן. די עקזיסטענץ פון אַ אידיש

לאַנד וועט האַלטן אויף דער נויטיקער הויך ניט נאָר די נאַציאָנאַל־אידישע, נאָר אויך די ריין־בירגערלעכע מאָראַל פון די אידן אין גלות. דער אידעאַל פון אַ היימלאַנד איז נויטיק פאַר דער גייסטיקער געזונטקייט און מענטשלעכער שטאַרקונג פון די אידן אין אַמעריקע און גאָר באַזונדערס פון דער אַמעריקאַנער אידישער יוגנט.

דער אויספיר, וואָס צו אים קומט לואיס בראַנדייס, איז אַזאַ:

„יעדער אירלענדישער אַמעריקאַנער, וואָס האָט געשטרעבט צו דער דורכפירונג פון „האָם רול״ אין אירלאַנד, איז געווען דערמיט אַ בעסערער מענטש און אַ בעסערער אַמעריקאַנער. יעדער אַמעריקאַנער איד, וואָס וועט העלפן דער שטרעבונג צו אַ אידישער היים אין ארץ־ישראל, אַפילו ווען ער אַליין און זיינע קינדער וועלן דאָרט ניט וואוינען, וועט אויך זיין אַ בעסערער מענטש און אַ בעסערער אַמעריקאַנער אַ דאַנק אָט־דער שטרעבונג״.

איך האָב מיך אָפּגעשטעלט אויף די ווערטער פון דעם פאַרשטאָרבענעם סופרים־קאָרט־ריכטער, ווייל אין זיין אַמעריקאַניזם קענען דאָך ניט צווייפלען אַפילו די, וואָס שטעלן אַרויס אַמעריקאַנישקייט ווי עפּעס, וואָס מוז במילא אויסשליסן נאַציאָנאַליזם בכלל און ציוניסטישע אַספּיראַציעס בפרט.

אין קעגנזאַץ צו בראַנדייסן גלויבן אונזערע „אוניווערסאַליסטישע״ אַסימילאַטאָרן, אַז גראָד אַמעריקע איז דאָס אידעאַלע לאַנד פאַר ישראלס נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג. זיי האַלטן זיך נאָך אַלץ ביי דער פאָרמולע פון דער עמאַנציפּאַציע: „פאַר אידן ווי אַ פאָלק — גאָרניט״.

די אידן אין דער צייט פון דער עמאַנציפּאַציע האָבן צוליב דעם צווייטן טייל פון דער דאָזיקער פאָרמולע: „פאַר אידן ווי יחידים — אַלץ״, מיט אַ לייכט האַרץ מוותר געווען אויף דעם ערשטן טייל. אַרויסגעוויזן האָט זיך אין אייראָפּע, אַז אויב אידן ווי אַ פאָלק באַקומען גאָרניט — קאָנען זיי אויך ניט האָפן אויף „אַלץ״ ווי יחידים. אין אַמעריקע, ווידער, האָט קיינער קיין מאָל ניט פאַרלאַנגט „גאָרניט״ פאַר אידן ווי פאַר אַ פאָלק. עס איז דאָ קיין מאָל ניט געבוירן געוואָרן אין קיינעמס מוח אַזאַ פאָרמולע, ווי קלערמאָן־טאָנערס. אָבער אונזער קנעכטישע אַסימילאַציע מיט יענע רעפאָרם־ראַביים בראש, וואָס קענען ניט פאַרגעסן די פלוידער־תורות פון גייגער און האָלדהיים, וויל אויף דער אייגענער אַחריות, פון קיינעם ניט אויפגעפאָדערט, מקיים זיין דעם ערשטן טייל פון קלערמאָן־טאָנערס זאָץ. אָט די לייט פאָדערן פון אַלע אַנדערע אידן אין אַמעריקע, זיך צו האַלטן ביי דעם נאַציאָנאַלן „גאָרניט״ און צו גלויבן אין עפּעס אַ לאַנג שוין געשטאָרבענער אייראָפּייאישער עמאַנציפּאַציע, וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיט אַמעריקע און מיט די אמתע אידעאַלן פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע.

די מורא, אַז די שטרעבונג צו אַ אידיש היימלאַנד וועט פירן צו אַזוי־גערופענער דאָפּלטער לאָיאַליטעט, די אייביקע ציטערניש און פּלאָנטעריש,

וואָס לעבט אין דעם האָז־געמיט פון דעם ניט־עכטן, דעם פאַרשטעלטן, — אָט דאָס, צוזאַמען מיט דעם ווילן צו נאַציאָנאַלן טויט, זיינען די אמתע סיבות פון דער היסטעריע, וואָס נוצט איצט אויס די אַלטע פאַרזשאַווערטע כלי־זיין פון גייגערס און האַלדהיימס רעפאָרם־אַרסענאַל. מען רעדט וועגן דעם, אַז דער נביאישער אוניווערסאַליזם שליסט אויס דעם אידישן נאַציאָנאַליזם בכלל און דעם אויפבוי פון אַ אידיש לאַנד בפרט, אָבער מיינען מיינט מען ניט, חלילה, דעם גורל און די צוקונפט פון אַן אידייע. ניט אין דעם גייט עס די ראַביים, וואָס האָבן געשאַפן אין פילאַדעלפיע דעם „קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם". ווען עס וואָלט זיך באמת געהאַנדלט אין גייסטיקע ווערטן, אין רעליגיעזע איבערצייגונגען, וואָלט זיי ניט געגאַנגען אין לעבן אַריין צו „באַאַרבעטן" וואַשינגטאָן און צו פּראָווען שטיק, וואָס האָבן גאָרניט צו טאָן מיט אַזעלכע הויכע זאַכן ווי נבואה.

מיר וועלן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל זיך אָפּשטעלן אויף דער צביעות פון דער כלומרשט־אוניווערסאַליסטישער אידעאָלאָגיע, מיט וועלכער די שונאי־ציון־דיקע ראַביים ווילן, אַזוי צו זאָגן, שאַפן אַן אַקאַדעמישן הינטער־גרונט פאַר דער קנעכטישער שרעק און פאַר דעם שטרעבן צום אונטערגאַנג, וואָס מיר רופן אַסימילאַציע און וואָס האָט אין תוך קיין שום שייכות ניט מיט אַזאַ אָדער אַן אַנדער אויפפאַסונג פון אידישקייט. דערווייל אינטערע־סירט אונז די לאָיאַליטעט־מעשה.

די טענה מכוח דאָפּלטער לאָיאַליטעט איז אַן אַלטע. נאָך אין הערצלס צייטן איז אויסגעקומען זי צו באַקעמפן און צו ענטפערן אויף איר. און דער ענטפער איז דעמאָלט געווען אַזאַ: יענע אידן, וואָס וועלן בלייבן אין זייערע וואוין־לענדער אויך נאָך דעם, ווי עס וועט געשאַפן ווערן אַ אידישע מדינה — וועלן דאָך דערמיט אַליין באַווייזן, ווי טיף זיי זיינען צוגעבונדן צו אָט די לענדער און וואָס פאַר אַן אויפריכטיקע פּאַטריאָטן זיי זיינען. טאָ וואָס ציטערן זיי?

אָבער די גאַנצע פּלוידעריי מכוח דער געפאַר פון דאָפּלטער לאָיאַלי־טעט איז ניט מער ווי אַ סאָפיזם פון דער שרעק. אין אונזער פאַל האַנדלט זיך עס אין קנעכט, וואָס קיינער פאַרלאַנגט פון זיי קיין קנעכטשאַפט ניט, נאָר וואָס דען? זיי אַליין, פונעם אייגענעם גוטן ווילן, שפּילן זיך אַריין אין קנעכטשאַפט־פּסיכאָלאָגיע. מיר האָבן שוין אויבן געבראַכט בראַנדייסעס ווערטער וועגן די אַמעריקאַנער אירלענדער, וואָס האָבן געשטיצט די „האָם רול"־באַוועגונג און וואָס גראַד זייערע אַספּיראַציעס און אינטערעסן אין אָט דער ריכטונג האָבן זיי געמאַכט, ווי בראַנדייס דריקט זיך אויס, פאַר בעסערע מענטשן און בעסערע אַמעריקאַנער.

דאַרף מען זיך, אַחוץ דעם, דערמאָנען, אַז סיי אין אַמעריקע, סיי אין אַנדערע לענדער געפינען זיך און האָבן זיך שטענדיק געפונען לאָיאַלע ביר־

גער, וואָס זייער פאָלק האָט אַ לאַנד און אַ מלוכה ערגעץ אַנדערש וואו. נו, האָט עס זיי ווען־עס־איז געשטערט אין זייער לאָיאַליטעט?

איינער פון די „זקני אַנטי־ציון", טאַקע פון די, וואָס האָבן געגרינדעט און פירן אָן מיט דעם „קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם", האָט דאָ ניט לאַנג אויפ־געדעקט די קאָרטן, ווען ער האָט עפנטלעך אויסגעדריקט די מורא — די אייביקע מורא פון דער אַסימילאַציע — אַז אַן אייגן לאַנד איז כלומרשט אַ סכנה פאַר די אידישע רעכט אין די גלות־לענדער און אַז די ציוניסטן וועלן אַריינשפּילן אין די הענט פון די אַנטיסעמיטן.

דער שכל טראָגט אויס פונקט פאַרקערט. אידישע גלייכבאַרעכטיקונג אין די גלות־לענדער וואָלט ערשט דאַן געקאָנט באַקומען אַ פעסטן לעגאַלן יסוד, ווען אידן זאָלן האָבן זייער אייגענע מלוכה. אידישע רעכט אין גלות וואָלטן אין אַזאַ פאַל געהאַט דעם שוץ פון אַ סואווערענער רעגירונג.

מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז גראָד דאַן, ווען אידן וואָלטן באַ־קומען זייער נאַציאָנאַל־טעריטאָריעלע עמאַנציפּאַציע, וואָלט געקאָנט האָבן אַ ממשות אויך די ציווילע, ריין בירגערלעכע עמאַנציפּאַציע פון די אידן אין גלות.

אויב עס גייט וועגן אַמעריקע, קאָן, דאַכט זיך, קיין שום אָרט ניט זיין פאַר וועלכער־עס־איז מורא, אַז אָט די גרויסע דעמאָקראַטיע זאָל ווען־עס־איז פאַרשמעלערן די ציווילע רעכט פון אירע אידישע בירגער צוליב דעם, וואָס דאָס אידישע פאָלק וועט באַקומען אַן אייגן לאַנד. אויב, ווידער, עס גייט וועגן די אַנדערע לענדער, איז דאָרט דער גורל פון די אידישע יחידים בפירוש אָפּהענגיק דערפון, צי אידן ווי אַ פאָלק וועלן יאָ אָדער ניט עמאַנציפּירט ווערן.

פונקט אַזאַ פנים, ווי די אַנדערע טענות, האָט די טענה מכוח „אַריינשפּילן אין די הענט פון די אַנטיסעמיטן". די מערב־אייראָפּייאישע אידן האָבן אין משך פון העכער אַ יאָרהונדערט געטאָן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט, ניט אַריינצופאַלן אין די מיילער און אין די „ידים ידי עשו" פון אידישע שונאים. האָט עס זיי געהאָלפן? האָבן זיי אויסגעמיטן דעם אונטערגאַנג?

איז אָבער די מעשה, וואָס בעת די אַמעריקאַנער אַסימילאַציע רעדט וועגן באַשיצן די אידישע רעכט אין די גלות־לענדער, מיינט זי אין דער אמתן ניט עפּעס אַנדערש ווי די „רעכט" אויף נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג. און די זעלבע „רעכט" האָט זי אין זינען, ווען זי סטראַשעט מיט דעם אַרגומענט פון „למה יאמרו האַנטי־סעמיטן".

אין זיין רעדע אויפן דריטן קאָנגרעס אין באַזעל האָט מאַקס נאָרדוי, ריידנדיק וועגן דער אַסימילאַציע, אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז זי וועט אפשר אָפּשטעלן איר ווידערשטאַנד, ווען זי וועט דערזען די ערשטע קאָנ־קרעטע רעזולטאַטן פון דער באַוועגונג, וואָס וויל אַ לאַנד פאַרן אידישן פאָלק.

זיי האָבן מורא, האָט נאָרדוי געזאָגט, פאַר די אַנטיסעמיטן, און אָט די מורא וואַרפט זיי אַריין אין אַ נערוון־פיבער. עס קאָן אָבער זיין, אַז ביי אַ נצחון וועלן חרטה האָבן אויף זייער געבוירענער קליינמוטיקייט און קורצזיכטיקייט אַ סך פון אָט־די אַלע „אָרעמע מאַרטירער פון דעם אַנטיסעמיטיזם".

פון דעמאָלט ביז איצטער האָט זיך די פסיכאָלאָגיע פון אָט־די, ווי נאָרדוי האָט זיי אָנגערופן, מאַרטירער פון אַנטיסעמיטיזם, ווייניק געענדערט. פאַרקערט: עס דאַכט זיך, אַז וואָס שרעקלעכער עס ווערט די קאַטאַסטראָפע פון דעם גלות און וואָס גרעסער עס ווערט, צוזאַמען דערמיט, די האָפענונג אויף נאַציאָנאַלער דערלייזונג, אַלץ שטאַרקער ווערט זייער נערוון־פיבער און מיט אַלץ גרעסערער מאַניאַקישער עקשנות האַלטן זיי זיך ביי דעם דיבעם שטרוי פון טויזנט מאָל געהערטע, טויזנט מאָל איבערגעקייטע און טויזנט מאָל אָפּגעפרעגטע טענות.

3

## אַסימילאַציע און, להבדיל, ישעיה הנביא

דער טייוול — זאָגט שעקספּיר, — ציטירט די ביבל. דאָס זעלבע טוט דער כיטרער הויקער, דער שד פון אַסימילאַציע.

די ראַביים ווילן גראָד מיטן כוח פון די נביאים, וואָס זיי האַלטן אין איין פאַרשוועכן זייער וואָרט, צונעמען ביי אידן דאָס לאַנד פון דער נבואה און עס אָוועקגעבן אויף אייביקע צייטן די אַראַבער.

גייגער, האָלדהיים און די אַנדערע אידעאָלאָגן פון רעפאָרם־אידישקייט אין דייטשלאַנד, האָבן אַרויסגעשטעלט דעם אוניווערסאַלן געדאַנק פון די נביאים, אַז אידן דאַרפן ווערן דער „אור לגויים", דאָס ליכט פון די פעלקער, ווי אַ באַווייז, אַז ישראל עקזיסטירט ניט מער ווי אַ פאָלק. ישראלס אויפגאַבע איז צו ווערן אַ מין אינטערנאַציאָנאַלער פעלקער־מלמד, וואָס דאַרף זיך פונדעסטוועגן — ביי דעם גאַנצן אינטערנאַציאָנאַליזם — אַסימילירן מיט די באַזונדערע נאַציעס, צווישן וועלכע ער וואוינט.

זיינען די נביאים זיכער ניט שולדיק, וואָס די דייטשע רעפאָרם־אַסימילאַציע, וועלכע האָט נאָך עד־היום אירע יורשים צווישן דעם עלטערן דור ראַביים אין אַמעריקע, האָט זיי, דווקא זיי, פאַרוואַנדלט אין אַ מין אַנטי־ציון־אידן. זיי זיינען ניט שולדיק, וואָס מען האָט גענומען דעם אמת פון דער נבואה און אים איינגעהילט אין דעם שקר פון אונטערגאַנג.

זיינען די נביאים אפשר ניט אוניווערסאַליסטיש? יאָ, זיי זיינען עס. זאָגן זיי ניט, אַז ישראל דאַרף ווערן דאָס ליכט פון די פעלקער? יאָ, זיי זאָגן עס. אָבער איין קלייניקייט: זייער וועלט־אידעאַל פאַרבינדן זיי מיט אַ באַשטימטער טעריטאָריע. און די דאָזיקע טעריטאָריע איז ארץ־ישראל.

קאָן מען זיין אַן „אור לגוים", ווען מען האָט אַן אייגן לאַנד? גייגער און זיינע היינטיקע יורשים אין אַמעריקע ענטפערן דערויף מיט אַ „ניין". זאָגט נבואה דאָס זעלבע? דורכויס ניט. נבואה זאָגט פונקט פאַרקערט: ישראל און דאָס לאַנד פון ישראל זיינען פאַרבונדן ווי גוף און נשמה אין אַ לעבעדיקן מענטשן.

דער רמב"ם זאָגט: „דער מלך המשיח וועט קומען און אומקערן די מלוכה פון בית־דוד צו איר פריערדיקן שטאַנד, צו איר ערשטער הערשאַפט (לממשלה הראשונה)". און ער ווייזט אויף, אַז ווער עס גלויבט ניט אין דעם, ווער עס האָפט ניט אויף דעם צוריקקער פון דער „ממשלה הראשונה" — דער איז אַ כופר אין דער תורה און אין די נביאים.

דעם אוניווערסאַליזם פון די נביאים כאַראַקטעריזירט אויסגעצייכנט רב־צעיר (פראָפ. טשערנאָוויץ) אין זיין „תולדות ההלכה". „דאָס אוניווער־סאַלע, — שרייבט ער, — געפינט זיך ביי אַלע נביאים... זיי אַלע פאַר־שטייען עס אין דעם זינען, אַז די מאָראַל־לערע פון דער אידישער נאַציע וועט אַלגעמיין אָנערקענט ווערן, דאָס איז אָבער ניט דער טייטש, אַז לענדער און פעלקער וועלן ווערן פאַרווישט, און געוויס מיינט עס ניט, אַז עס דאַרף פאַר־ווישט ווערן די נאַציאָנאַלע באַזונדערקייט פון דעם אידישן פאָלק. גראָד פאַרקערט: אַזאַ אָנערקענונג (פון דער אידישער מאָראַל־לערע) איז אומע־טום פאַרבונדן ביי זיי מיטן אָנערקענען די גרויסקייט פון דער אידישער נאַציע און מיטן שטייגן פון איר אָנזען אין די אויגן פון די פעלקער".

און ווייטער: „אויך דאָס גלויבן, אַז ארץ־ישראל איז די ירושה פון אידישן פאָלק, שטאַמט פון דער דאָזיקער אויפפאַסונג... דער נאַציאָנאַלער קיום פון אידן דרינגט אַרויס פון דעם עצם נביאישן באַגריף וועגן גאָט... דער אוניווערסאַליזם, וואָס איז באַזירט אויף גאָטס איינציקייט, איז ענג פאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער איינציקייט פון פאָלק ישראל. עס זיינען צוויי ליניעס, וואָס גייען אַרויס פון איין פונקט".

אין אַ פובליציסטישער אַרבעט זיינער פרעגט דער זעלבער געלערנטער ביי די אַסימילאַנטישע פעלשער פון דער נבואה:

נאָך וואָס האָט ישעיה הנביא, דער פאָטער פון אוניווערסאַליסטישן גע־דאַנק, געדאַרפט אַזוי צאַרענען, ווען רבשקה איז געקומען אין סנחריב'ס נאָ־מען און האָט געזאָגט צו די איינוואוינער פון ירושלים, אַז ער וועט זיי געבן אַ לאַנד ווי זייער אייגן לאַנד, אַ לאַנד פון ברויט און וויינגערטנער (ארץ לחם וכרמים)? וואָס האָט עס אים געקאָנט אַרן, אַז די קינדער פון ירושלים וועלן ווערן פאַרשפרייטער פון דעם רעליגיעזן אוניווערסאַליזם אין אַשור? אויב דאָס איז די שליחות פון אידישן פאָלק צו זיין אַליין פאַרשפרייט, כדי צו קענען פאַרשפרייטן גאָטס וואָרט, טאָ וואָס האָט ער, דער נביא, געקענט האָבן קעגן דעם? נאָך וואָס איז ער געגאַנגען צו חזקיה, דעם קעניג פון יהודה,

און אים געטרייסט אין גאָטס נאָמען און אים נביאות געזאָגט, אַז סנחריב וועט ירושלים ניט איינעמען?

און ירמיה הנביא? ער, וואָס האָט געשיקט זאָגן די פאַרטריבענע אין בבל, אַז זיי זאָלן דאָרט בויען הייזער און פלאַנצן ווייַנגערטנער, געפינט ער דען ניט פאַר נויטיק באַלד דערנאָך צו טרייסטן זיי: ושבתי את שבותכם — און איך וועל אומקערן אייער געפאַנגענשאַפט, וקבצתי אתכם מכל הגויים — און איך וועל אייך צונויפזאַמלען פון אַלע פעלקער?

און דער נביא פון גלות, יחזקאל? ער, וואָס האָט געזאָגט, אַז גאָט האָט די אידן צעזייט צווישן די פעלקער און איז געוואָרן פאַר זיי אַ „מקדש מעט" אין די נייע וואוין־לענדער זייערע, —— זאָגט ער ניט באַלד דערנאָך: און איך וועל אייך צענויפזאַמלען פון אַלע לענדער, וואו איר זייט צעזייט געוואָרן, און איך וועל אייך געבן די ערד פון ישראל (אַדמת ישראל)?

צו אָט־די פאָר שטעלן, וואָס רב־צעיר ברענגט, קאָן מען צוגעבן — ווי ער גופא באַמערקט — אָן אַ שיעור אַנדערע, פון תנ"ך, פון די תפילות, פון דער גאַנצער רעליגיעזער ליטעראַטור אונזערער. תנ"ך, תלמוד, מדרש, קבלה, חסידות — וואו איז דען דאָ אַ ווינקל אין דעם אידישן רעליגיעזן שאַפן, וואָס זאָל ניט זיין פאַרבונדן מיט ישראלס לאַנד און מיט דער האָפע־נונג, אַז ישראל וועט זיך אומקערן אַהין?

באָר לאָמיר זיך אומקערן צו די נביאים, וואָס די היינטיקע סנבלט׳ס ווילן זיי מאַכן פאַר פריידיקער פון אידישן אונטערגאַנג — אַזעלכע ווי זיי אַליין זיינען.

דער אמתער נביאישער אוניווערסאַליזם זעט, ווי עס קומען די פעלקער פון דער ערד צו גאָטס הויז אין ירושלים, דאָרט צו לערנען די לעצטע וועלט־אמתן. דער אוניווערסאַליזם, ווי עס טייטשן אים זיינע פאַרקריפלער, מיינט דעם היפוך דערפון. לויט אים לאָזט זיך ירושלים אַרויס אויף אַ מין אומ־ענדלעכן אומזיסטן לעקטשור־טור איבער דער וועלט און אַזוי בלייבט זי שוין אויף אייביקע צייטן אַ בעל־דרשנטע צווישן די פעלקער.

איז עס ניט די נביאישע וויזיע איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ?

מוז ירושלים אייביק זיין אָן אָפּגעריסענע, צעבלוטיקטע, צעקאַליעטשעטע אמת־פעדלערקע צווישן פרעכע, שטאָלצע פעלקער־בעלי־בתים? די פעלקער מוזן אַליין צו איר קומען, אויב זיי ווילן לעבן בלייבן. אין דעם נביאישן אידעאַל־בילד פון דער צוקונפט זיינען פעלקער געקומען צו גאָטס באַרג אין ירושלים און האָבן געזאָגט: „ויורנו מדרכיו ונלכה באורחותיו" (זאָל ער אונז לערנען פון זיינע דרכים און לאָמיר גיין אין די וועגן זיינע).

ס׳איז פאַראַן נאָך אַ שקר אין דער אַזוי גערופענער אוניווערסאַליסטישער אידעאָלאָגיע, ווען זי פאַרבינדט דעם באַגריף „אידיש וועלט־פאָלק" מיט געאָ־גראַפישער צעשפּרייטקייט.

מוז מען זיין אַ וועלט־וואַגאַבונד אויף צו קענען הייסן אַ וועלט־פאָלק? ניין. גלות און וועלט זיינען דורכויס ניט דאָס זעלבע. דאָס ווילן ניט פאַרשטיין אויך אונזערע נאַציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע גלותיסטן. אויך זיי זיינען פלאַכע וועלטיסטן. מיט דעם אונטערשיד, נאָטירלעך, וואָס זייער אוניווערסאַליזם איז שוין ניט קיין רעליגיעז־רעפאָרמיסטישער, נאָר אַ וועלט־לעכער.

די פאָרשטעלונג, אַז אַ וועלט־פאָלק איז מען דאָן, ווען מען וואָגלט פון לאַנד צו לאַנד, איז נאָענט צו דער פרימיטיווער אויפפאַסונג, אַז רייזעס איבער לענדער מאַכן איינעם פאַר אַן אַזוי גערופענעם וועלט־מענטש.

איז אָבער געטע ביי זיך אין קליינעם וויימאַר ניט געווען מער וועלט־מענטש, ווי די גרעסטע „גלאָבטראָטערס״?

דאָס זעלבע איז מיט אַ וועלט־פאָלק. דער דאָזיקער באַגריף דעקט זיך גאָרניט און דאַרף זיך ניט דעקן מיט וועלט־צעשפּרייטקייט און וועלט־צעשטויבטקייט.

אַנדערש געזאָגט: דאָס זיין אַ וועלט־פאָלק איז לחלוטין ניט אָפּהענגיק פון זיין אין וועלט־גלות.

זיינען אידן — וועט מען דאָ פרעגן — ניט געווען אין גלות קיין וועלט־פאָלק? האָבן זיי אין גלות ניט געשאַפן קיין אומשטערבלעכע ווערטן?

יאָ, זיכער, אָבער ניט אַ דאַנק, נאָר טראָץ דעם גלות זיינען די גרויסע ווערטן געשאַפן געוואָרן, און ניט אַ דאַנק, נאָר טראָץ דעם גלות זיינען מיר אַ וועלט־פאָלק געווען און געבליבן.

ניט מיטן כוח פון גלות אַליין איז עס געשען, נאָר מיטן כוח פון „שכינתא בגלותא״.

גלות איז ניט קיין זעלבסט־צוועק. שוין דער נאָמען אַליין, וואָס זיין טייטש איז פאַרטריבנקייט, מאַכט קלאָר די שטעלונג פון היסטאָרישער אידישקייט. זי האָט קיינמאָל ניט געקוקט אויף דעם ענין־גלות ווי אויף אַן אייביקייט.

אָבער טאָקע דערפאַר פּרואווט די מיליטאַנטישע אַסימילאַציע, די, וואָס איז לעצטנס געוואָרן אַקטיוו אויף דער אַמעריקאַנער אידישער גאַס, פעלשן די נבואה, וואָס איז אין גאַנצן געבויט אויף דער ניט־אייביקייט פון גלות. זי וויל, אַז די נביאים אַליין זאָלן געבן זייער הסכמה אויף דעם, אַז גלות איז אַ זעלבסט־צוועק און אַן ענד־ציל. און אַזוי ווי מיטן גלות פאַרבינדט זי ניט קיין שום אַספּיראַציעס פון אַ באַזונדערן אידישן כאַראַקטער, קומט אויס במילא, אַז די נבואה דאַרף געבן די ברכה אויף אונזער אויפהער. עס קומט אויך במילא אויס, אַז די אַלע, וואָס ווילן אַ אידישע מדינה אין ארץ־ישראל, זיינען אומגעטרייע, ענגהאַרציקע, אַנטי־וועלטישע, אומאידישע אידן.

אָבער די, וואָס ווילן עס, — גראָד זיי זייבען די וועלט־אידן. גראָד זיי זייבען עס די, וואָס ערגעץ, אויפן סאַמע סוף פון זייער וועג, וואַרט און לייכט צו זיי דער נביאישער וועלט־אידעאַל.

ווייל נאָר דאָרט, אין לאַנד פון ישראל, דאַרף לויט דער נבואה פאַר־ווירקלעכט ווערן — ווען די צייט וועט קומען — דער אוניווערסאַלער אידעאַל. ווייל נאָר מיט ארץ־ישראל האָט אידישקייט פאַרבונדן איר העכסטן און לעצטן חלום: די גרינדונג פון אַ מלוכה, וואָס זאָל זיין אַ ביישפיל פאַר פעלקער, די עטאַבלירונג פון אַ מוסטער־שטאַט דורך אַ מוסטער־פאָלק.

נאָר דאָרט האָט אידישקייט פאַר איר וועלט־ און מענטשהייט־אידעאַל געזוכט די פאָרם, די ערדישע פאָרם.

נאָך וואָס האָט זי פאָרם געדאַרפט? איז איר ניט גענוג, אַ שטייגער, דער אוניווערס?

ניין, ניט גענוג. גייסט אָן פאָרם איז פונקט אַזאַ טראַגישע האַלבקייט, ווי פאָרם אָן גייסט.

דאָס איז ניט קיין פשטל און ניט קיין פריוואַט־טעאָריע. דאָס איז אידישקייט.

אָן אידישער ערד איז ניטאָ קיין אידישער הימל. אָן ארץ־ישראל איז ניטאָ קיין אוניווערסאַליזם.

דאָס האָט קריסטנטום געמאַכט אַן אונטערשיד — אַ פאַטאַלן אונטערשיד — צווישן הימל און ערד. דאָס האָט קריסטנטום אָפּגעגט — און אַ פאַטאַלער גט איז עס געווען — גוף און גייסט.

האָט דאָס געפירט דערצו, אַז די איראָפּייאיש־קריסטלעכע קולטור זאָל געבויט זיין אויף אַ גרויזאַמער סתירה. האָט דאָס געשטאַרקט דעם גוף אויף דעם גייסטס חשבון. האָט דאָס דעם הימל מאַכטלאָז געמאַכט און די ערד אומגליקלעך געמאַכט. האָט דאָס — דורך טויזנט גלגולים — סוף־כל־סוף דערפירט צו צוויי וועלט־מלחמות.

דאַרף די וועלט אַ תיקון. זי דאַרף געפינען דעם פאַרלוירענעם סינ־טעז. גוף און גייסט דאַרפן ווערן — האַרמאָנישע גאַנצקייט.

און אויב אידן האָבן אַ שליחות — דאַרפן זיי דיבען דער וועלט ווי אַ ביישפיל פון אָט דעם תיקון. דאַרפן זיי — אין זייער אייגענעם נאַציאָנאַלן לעבן — געפינען און וויזן דער וועלט אַרום זיי דעם וועג צו אַ ווידער־פאַראייניקונג פון הימל און ערד.

ווי אַזוי קאָן עס דערגרייכט ווערן?

דורך ארץ־ישראל.

דורך דעם, וואָס ירושלים של מעלה וועט פאַראייניקט ווערן מיט ירושלים של מטה.

דורך דעם, וואָס די שכינה וועט אַרויס פון גלות און זיך אומקערן אין שכינה־לאַנד.

אָט־דאָס איז — נביאישער אוניווערסאַליזם.

אַן אוניווערסאַליזם אַן ענג־פאַרבונדענער מיט דעם, וואָס שרעקט אַזוי און פּלאָגט די פּראָטעסט־יאַהודים: מיט אַ אידישן שטאַט.

* * *

דר. גידעמאַן, דער וויִנער אויבער־ראַבינער, אַ גרויסער אידישער געלערנטער און אַליין גראַד פון די „קאָנסערוואַטיווע", ניט קיין רעפאָרמער, איז אין אָנהויב געווען באַגייסטערט סיי פאַר הערצלען, סיי פאַר זיין „יודענשטאַט". ער האָט אָבער באַלד איבערגעדרייט דעם דישל, כדי געפעלן צו ווערן זיינע בעלי־בתים, אַסימילירטע ווינער געלט־אידן, און אין אַ בראָשור אונטערן נאָמען „נאַציאָנאַל־יודענטום" איז ער אַרויס מיטן פּזמון, אַז די נאַציאָנאַלע אידייע לאָזט זיך בשום אופן ניט פאַרבינדן מיט אידישקייט. ס'איז געווען אַלץ דער פּזמון פון דער „מיסיאָן", אָט־די פאַרקריפּלונג פון דעם נביאס „אור־לגויים"־וויזיע.

וואָס האָט הערצל געענטפערט אויף דעם?

דער אויבער־ראַבינער, — האָט ער געענטפערט, — געפינט זיך אין אַזאַ אומאָפּהענגיקער פּאָזיציע, אַז מען מוז אויסשליסן דעם געדאַנק (געמיינט איראָניש און בלשון סגי־נהור. — א. צ.), אַז דאָס פאַרטיידיקט ער די זאַך פון די רייכע אידן קעגן די אָרעמע, ווי די און יענע טוען עס טאַקע.

די אידישע „מיסיאָן", — זאָגט הערצל ווייטער, — איז עפּעס, וואָס איז זאָגט, בהרחבהדיק, גוט־סיטואירט. שוין ניט פון נעכטן קוק איך מיר אָן די מענטשן, וואָס ענטפערן מיר אָפּ מיט דער „מיסיאָן", בעת איך רעד וועגן דער וואַקסנדיקער נויט פון אונזערע אָרעמעלייט. די דאָזיקע מיסיאָנערן פילן זיך אַלע אויסגעצייכנט.

מיט פיינער איראָניע האָט דאָ הערצל אָנגערירט דעם סאַמע תוך פון דער פּראָבלעם. די אַסימילאַציע איז זאַט און פוסט. וואָס גייט איר אָן אידן־נויט, אידן־ווייטיק? פּונקט אַזוי פוסט און זאַט איז די כלומרשט־אוניווערסאַלע אידעאָלאָגיע, וואָס אירע ראַבינער שטעלן איר צו. די אַסימילאַציע־ראַבינער זיינען „מיסיאָנערן", וואָס נעמען פעטע ווײַדזשעס, לעבן בשלום מיט די חשובע מיטגלידער פון דער סינאַגאָגע, האַלטן דרשות און „פילן זיך אויסגעצייכנט".

ניין, היינט שוין ניט אַזוי אויסגעצייכנט, וויבאַלד ס'האָבן זיך געפונען טרעוואָגע־קלאַפּער. די אידן־פּיין האָט אָנגענומען אַזעלכע פאַנטאַסטישע פאָרמען, אַז אַפילו אַזאַ פוסטע זאַך, ווי די אַסימילאַציע, האָט זיך אָנגעפילט מיט עפּעס — און דער עפּעס איז שרעק. אירע פאָרשטייער זיינען גע־

צוואונגען געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ קערפּערשאַפט און אָנהויבן עפּעס צו טאָן. און דאָס טאָן באַשטייט, ווידער אַמאָל, אין דעם, וואָס הערצל האָט באַצייכנט ווי אַ פאַרטיידיקן די זאַך פון די רייכע קעגן די אָרעמע. עס ווערט פאַרטיידיקט די זאַך פון דער זאַטקייט, וואָס האָט מורא געקראָגן. וואָרים אַ פּריקרע שטערונג צו גוטער פאַרדייאונג ווערט זי, אָט די ממש אַפּאָקאַליפּטישע אידן־פּין, וואָס טרייסלט שוין אויף גויים און קען זיך נאָך, חס־ושלום, אויסלאָזן מיט אידן־לאַנד טאַקע אויף אַ ריכטיקן אמת.

די אַסימילירטע שונאי־ציון האָט נאָרדוי אַמאָל פאַרגליכן צו מענטשן, וואָס שווימען אין אַ זיכער שיפל, בעת דעם, וואָס טרינקט זיך און וויל זיך אָנכאַפּן אָן דעם ראַנד פון דעם שיפל, שלאָגן זיי מיטן רודער איבערן קאָפּ. היינט איז אַנדערש.

דאָס שיפל פון דער אַסימילאַציע איז ניט זיכער אַפילו דאָרט, וואו עס שווימט נאָך — און ניט לייכט איז אין שטורעם צו מאַניפּולירן מיטן רודער, כדי „מיט דערפאָלג” צו קענען שלאָגן איבערן קאָפּ פון די, וואָס טרינקען זיך. און דאָך — זיי הויבן נאָך אַלץ דעם רודער און פּרוּוון שלאָגן...

4

# אַמעריקאַנער אַסימילאַציע און דער בלינדער וועכטער אויפן הר־הצופים

אויך פון דעם הר־הצופים, וואו עס טראָגט דער „איחוד”־פירער דר. מאַגנעס, טראָגט זיך דאָס קול פון דעם „רעליגיעזן אוניווערסאַליזם”.

איינער פון די הויפּט־פירער פון דער אָרגאַניזירטער אַסימילאַציע, פון דער אַמעריקאַנער „אַסימילאַציע אינקאָרפּאָרייטעד”, האָט פאַרעפנטלעכט דאָ ניט לאַנג דר. מאַגנעס'עס אַ בריוו צו אים, וואו דער דירעקטאָר פון דער העברייאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים גיט אים גערעכט און באַקלאָגט זיך אויף דעם אידישן נאַציאָנאַליזם, וואָס איז ברוטאַל, אָנגרייפעריש און טעראָריסטיש ניט ווייניקער ווי דער נאַציאָנאַליזם פון די אַראַבער.

דר. מאַגנעס'עס שטעלונג צו די פּראָבלעמען פון דעם אידישן היימלאַנד קענען מיר, אַחוץ דעם, פון זיינע לעצטע אַרויסטרעטונגען אין דער ניו־יאָרקער „טיימס” און אויך אין די „פאָרעין אַפעירס”, דעם אָרגאַן, וואָס שטייט נאָענט צום אויסלאַנד־מיניסטעריום אין וואַשינגטאָן. אין „פאָרעין אַפעירס” האָט דר. יהודה־לייב מאַגנעס אָפּגעדרוקט אַן ענטפער דר. חיים ווייצמאַנ'ען, וואָס האָט דאָרט געהאַט אַן אַרטיקל, און דער קורצער זין פון מאַגנעס'עס לאַנגע רייד איז, אַז אויך אין ארץ־ישראל דאַרפן אידן בלייבן אַן אייביקע מינדערהייט.

זאָל מען אויך דר. מאַגנעס'ן פאַרשרייבן אין דער חברה פון מיליטאַנ־טישע אַסימילאַטאָרס? דר. מאַגנעס איז אַ מענטש מיט אַ בפירוש־ציוניסטישן עבר, און אויב ער האָט פאַרראָטן זיך אַליין, איז דאָס קודם־כל דערפאַר, ווייל ער האָט, אַפּנים, משונה פאַלש פאַרשטאַנען די שיטה פון אַחד־העמ'יזם. ווען ער פאַרבינדט זיין אַחד־העמ'יסטישע איינשטעלונג מיט דעם פאַר־קריפלטן „אוניווערסאַליזם" פון רעפאָרם־אידישקייט, באַקומט זיך דערפון עפּעס, וואָס איז זייער שלעכט פאַר אידן און בפירוש גוט פאַר די אַראַבער. ער באַגייט אָבער אַ פאַטאַלן טעות, אויב ער מיינט, אַז אַחד־העם, וואָס ער האַלט זיך פאַר איינעם פון זיינע תלמידים, האָט ניט געקלערט וועגן אַזעלכע „פראָזאַאישע" זאַכן, ווי אַ אידישע מערהייט אין ארץ־ישראל.

יוחנן פּאָגראַבינסקי, סעקרעטאַר פון אַחד־העמ'ן, דערציילט (זע דעם 20־יאָר יובילײ־בוך פון „הדואר") וועגן אַ טשיקאַווער באַגעגעניש צווישן אַחד־העמ'ן און וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי'ן. זשאַבאָטינסקי האָט פאַרגע־וואָרפן דעם טעאָרעטיקער פון „מרכז רוחני", אַז ער איז ניט פאַראינטערע־סירט, די אידן אין ארץ־ישראל זאָלן ווערן אַ מערהייט. האָט אַחד־העם פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ באַהויפּטונג, געהייסן דעם סעקרעטאַר אַרויסנעמען אַ באַנד פון זיינע ווערק און אויפן אָרט באַוויזן זיין גאַסט אַ שטעלע, וואו עס ווערט בפירוש גערעדט וועגן אַ אידישער מערהייט אין ארץ־ישראל ווי וועגן אַ באַדינג פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.

בכלל דאַרף מען וויסן, אַז דער וכוח צווישן דעם גייסטיקן און פּאָליטישן ציוניזם האָט איצט ניט מער ווי אַ געשיכטלעכן ווערט. דער קאַמף צווישן דעם אַחד־העמ'יסטישן און הערצליאַנישן ציוניזם האָט זיך אַרויסגעוויזן מיט דער צייט אַלס אַ קאַמף אַ ריין־טעאָרעטישער און אַקאַדעמישער. פּונקט ווי עס קאָנען ניט אָפּגעטיילט ווערן נשמה און גוף אין אַ לעבעדיקן וועזן, אַזוי קאָן מען ניט אָפּטיילן דאָס מאַטעריעלע און דאָס גייסטיקע אין דעם לעבן פון אַ פאָלק. דער אמת איז, אַז אַחד־העם האָט עס טאַקע קיין מאָל ניט געטאָן. געוווּנג צו דערמאָנען אַזאַ עסיי ווי זיין „בשר ורוח". אַחד־העם האָט בלויז מורא געהאַט, אַז פון צופיל זאָרג פאַר דער אידן־נויט וועט פאַר־נאַכלעסיקט ווערן דער אידן־גייסט. ער האָט ניט געוואָלט, מען זאָל פאַרגעסן, אַז אַחוץ דער „שאלת היהודים" (אידן־פראַגע) איז אויך דאָ אַ „שאלת היהדות" (אידישקייט־פראַגע). דאָס איז געווען דער זין פון זיין קאַמף.

וואָס איז איצט ארץ־ישראל פאַר אונז? זי איז ביידע זאַכן: אי אַ גייסטי־קער צענטער — שוין איצט, אי אַ פּאָליטישער צענטער — אין יענער צו־קונפט, וואָס אויף איר וואַרטן מיר אַלע, וואַרט דאָס אידישע פאָלק.

נאָך ביי אַחד־העמ'ס לעבן האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אַריינגעטייטשט אין זיין טעאָריע די מערב־אייראָפּיאישע „מיסיאָן". אַחד־העם האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט. און ווי האָט ער געקאָנט ניט פּראָטעס־

טירן, ווען זיין גאַנצע לערע איז געווען געבויט ניט סתם אַזוי אויף אַבסטראַק־טער „מיסיאָן", נאָר אויף יענער נאַציאָנאַל־אוניווערסאַלער גערעכטיקייטס־שליחות פון אידישן פאָלק, וואָס קען, לויט זיין שיטה, רעאַליזירט ווערן נאָר אין און דורך ארץ־ישראל?

עס זעט אָבער אויס, אַז דר. מאַגנעס געהערט צו יענע מורא־דיק שלעכ־טע אויסטייטשער פון אחד־העמ׳יזם, וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם פּראָטעסט פון אחד־העמ׳ען גופא.

אַנדערש איז ניט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ מענטש פון דר. מאַגנעס׳עס פאַרנעם און פּאָזיציע קאָן זיך דערקייקלען דערצו, אַז ער זאָל פון הר הצופים אויסציען זיין האַנט צו די ראַבייס פון דעם „אַמעריקאַנער קאָונסיל פאָר דזשודאַאיזם".

וואָס טענה׳ט אין זיינע לעצטע אַרויסטרעטונגען דר. מאַגנעס? ער אָנער־קענט, אַז אידן האָבן אין ארץ־ישראל אויפגעטאָן גרויסע זאַכן און אַז מען וואָלט געדאַרפט און געקאָנט אַריינלאָזן אַהין נאָך אידן. נאָר וואָס דען? אַריינלאָזן מיטן באַדינג, אַז זיי וועלן זיך אויפפירן על־פי „רעליגיעזן אוני־ווערסאַליזם", זיצן שאַ־שטיל און ניט פאָדערן, חלילה, קיין אידישע מדינה, ווייל דאָס איז אַ טויט־קלאַפּ פון דעם אוניווערסאַליזם הקדוש.

. אידן, — טענה׳ט מאַגנעס, — האָבן ניט באַוויזן איינצושטעלן פרידלעכע באַציאונגען מיט די אַראַבער און די ענגלענדער. ווען אידישער נאַציאָנאַ־ליזם וואָלט געווען אַנדערש, ווען ער וואָלט געווען, הייסט עס, „רעליגיעז־אוניווערסאַליסטיש", וואָלט אויך די לאַגע אין ארץ־ישראל געווען אַן אַנדערע. קומט אויס אַזוי אַרום, אַז כאָטש מאַגנעס טרעט אַרויס ניט נאָר קעגן דעם אידישן, נאָר אויך קעגן דעם אַראַבישן נאַציאָנאַליזם, איז ער אָבער שטילער־הייט מודה, אַז שולדיק זיינען ניט אַזוי די גוים, ווי מיר, וואָרום יענע זיינען דאָך, נאָך אַלעמען, פּטור פון מצוות אוניווערסאַליזם... זיי געהערן דאָך, פאַרגעסט ניט, צו די פעלקער, וואָס ישראל דאַרף זיי באַלייכטן מיט זיין „אור־לגויים"־לאָמטערנע.

אָט די באַרימטע לאָמטערנע דאַרף ישראל טראָגן פון איין גלות צום צווייטן. ער מעג זי, מהיכי תיתי, ברענגען קיין ארץ־ישראל אויך, אָבער עס טאָר אים ניט איינפאַלן צו פאַרלעשן זי דאָ און — אָנהויבן לייכטן אַ ל י י ן...

דאָס ניט!

אָט אַזוי, אַפנים, בינדט זיך ביים דר. מאַגנעס זיין משונה׳דיקער אַב־סטראַקטער ציוניזם מיט דער מיסיאָנס־אידעאָלאָגיע פון דער אַסימילאַציע.

און ווער ווייס? אים דאַכט זיך אפשר, אַז זיין שיטה איז גאָר אַ מאָדער־נער אויסדרוק פון דעם אַלטן נבואה־גייסט און אַז זי איז גאָר הייליק און כולו תכלת, ווי דער הימל איבער ירושלים...

פאַרוואָס־זשע פאָרט זאָגן מיר, רשעים וואָס מיר זיינען, אַז זי איז אַסי־מילאַציע, כאָטש זי אַליין ווייס ניט דערפון?

קודם־כל דערפאַר, ווייל, קאָנקרעט גענומען, איז זי קעגן אידישן נאַ־ציאָנאַליזם אין דער צייט, וואָס בנוגע גוי׳שן נאַציאָנאַליזם איז זי דווקא גרייט איינצוגיין אויף די ווייטסטע קאָמפּראָמיסן.

„עס הערשט, — האָט מאַגנעס געשריבן אין „ניו־יאָרק טיימס״ פון 1טן נאָוועמבער, 1942, — עס הערשט היינט אַ גרעסערע ניט־פאַרשטענדיקונג צווישן אידן און ענגלענדער, ווי ווען עס איז פריער, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס צווישן אידן איז פאַרשפּרייט די קענטשאַפט פון דער ענגלישער שפּראַך״. דער טייטש דערפון איז, אַז ס׳איז ווייניק, וואָס אידן קענען די שפּראַך פון די ענגלענדער, זיי דאַרפן אויך בעסער „פאַרשטיין״ די ענגלענדער גופא. דעסגלייכן, האַלט מאַגנעס, דאַרפן אידן בעסער „פאַרשטיין״ די אַראַבער. בכלל דאַרפן אידן זיך אָנהויבן פירן פאַרשטענדיקער, ניט איינרייסן זיך צופיל, און דעמאָלט וועט זיין שלום על ישראל און שלום על ישמעאל — ונאמר אָמן.

צו וואָס־זשע פירט דאָס אַלץ? עס קאָן פירן נאָר צו איינס — צו אַ שפּאָגל נייעם גלות, אַ צוגאָב צו די גלות׳ן פון פריער.

נעמט מען דעם ענין קאָנקרעט, מוז אויסקומען ניט אַנדערש, נאָר אַז דר. מאַגנעס שטעלט זיך אויפן צד פון די שטאַרקע קעגן די שוואַכע, ווי באַלד די שוואַכע וויל ער אָוועקגעבן בלויז דעם הימל און די שטאַרקע גיט ער אַוועק די ערד.

אַ מלוכה? דאָס איז גוט פאַר די שטאַרקע. און וויל דער געקריוודע־טער, דער געפּייניקטער און פאַרפּייניקטער אַן אָרט אונטער דער זון, טאַקע אַן אָרט בפועל ממש, קומען די מאַגנעס׳עס פון איין זייט, די „פּראָטעסט־ראַבינער און פּראָטעסט־באַנקירן״ (הערצל׳ס אַן אויסדרוק) — פון דער צווייטער זייט, און מען פאָדערט ביים פאַרפּייניקטן, גראָד ביי אים, ער זאָל ניט זיין אַזאַ גזלן. שולדיק איז ניט דער, וואָס וויל צורויבן ביים אָרעמאַן דאָס שעפעלע — שולדיק איז דער אָרעמאַן.

איז עס ניט פון אייביק אָן די פּסיכאָלאָגיע פון דער אַסימילאַציע? דער שוואַכער, דער געררודפטער קאָן אַפּעלירן צו „טשאַריטי״ — דאָס יאָ, אַדרבא! „טשאַריטי״ מאַכט אים נעבעכדיק, און זיין נעבעכדיקייט איז אַ גאַראַנטיע, אַז ער וועט בלייבן אַ שוואַכער, אַז ער וועט ניט אָנמאַכן קיין טראָבל, וועט זיך ניט אַנטקעגנשטעלן די שטאַרקע און וועט, חלילה, ניט אויפרייסן קיינעם די אויגן. דערפאַר איז די אַסימילאַציע ביי אונז — פילאַנטראָפּיש. זי איז עס געווען אין דייטשלאַנד, אין פראַנקרייך, אין פוילן. זי איז עס אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן.

אין דעם פּרט איז ממש סימבאָליש געווען דאָס געשפּרעך צווישן דר. הערצל און דעם פילאַנטראָפּ באַראָן הירש, וואָס פּשט׳לעך־מאַכער ווילן אים צושרייבן אַזש נאַציאָנאַלע כוונות.

הערצל האָט, צווישן אַנדערע זאַכן, גערעדט וועגן „אויפהויבן דעם צו־שטאַנד פון דער ראַסע״. איז הירש אויפגעשפּרונגען אַ פאַרציטערטער:

— ניין, ניין, ניין! אַלע אומגליקן נעמען זיך דאָך דערפון, וואָס אידן רייסן זיך דווקא צו אַ העכערער מדרגה.

אָט דאָ ליגט דער פילאַנטראָפּ באַגראָבן. דער פילאַנטראָפּ — און דער אַסימילאַטאָר. באַזעצן אידן אויף ערד האָט געהייסן — אָפּנעמען ביי אידן איינמאָל פאַר אַלעמאָל דעם חשק צו וועלן זיך הויבן אויף דעם אַזוי גערופע־נעם געזעלשאַפטלעכן לייטער, וואָס דאָס רייסט אויף די אויגן און מערט אַנטי־סעמיטיזם. ער אַליין „מעג״, פאַרשטייט זיך. ער איז דאָך באַראָן הירש. אָבער אויב עס גייט וועגן אידן בכלל, דאַרפן זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך באַשליסן צו בלייבן אין דער נידער. טאַקע דערפאַר, — ניט מחמת דער ראָמאַנטיק אָדער פילאָזאָפיע פון דער ערד־אַרבעט, נאָר מחמת דער סאָציאַ־לער „נידעריקייט״ דערפון („נידעריק״ אין דער פסיכאָלאָגיע פון אַ באַראָן), — דאַרפן אידן ווערן פּויערים. אָבער ניט, חלילה, אויף אייגענער ערד. ניט אין ארץ־ישראל! ווארום אייגענע נאַציאָנאַלע טעריטאָריע פאַרוואַנדלט דאָך דעם סאָציאַל „נידעריקן״ אין אַ בעל־הבית פאַר זיך, מאַכט אים פאַר אַ מענטש גראַד פון אַ העכערער מדרגה — און דאָס איז כלומרשט „ניט גוט פאַר אידן״. דאָס איז חיות ניט זיכער.

נאָר ניט אַ „העכערע מדרגה״! דער שוואַכער מוז אייביק שוואַך זיין. עס פּאַסט ניט פאַר אים צו ווערן אויס „חלוש״ מיט אַ מיחוש... עס איז ניט גוט פאַר אידן, צו וועלן האָבן פאַר זייער הימל אַן ערד, טאַקע אַן אייגענע ערד, ניט אין אַרגענטינע, ניט ערגעץ אַנדערש־וואו, נאָר ביי זיך אין דער היים. זייער הימל מוז בלייבן אַ מליצה פון אַ ראַביי׳ס אַ זונטאָג־דרשה!

אַזאַ איז די פּסיכאָלאָגיע פון דר. מאַגנעס׳ן, כאָטש ער איז מודה, אַז אידן האָבן אין ארץ־ישראל אויפגעטאָן גרויסע זאַכן, אַז זיי האָבן דאָס לאַנד אַנט־וויקלט און אַנטוויקלען ווייטער.

53 פעלקער האָבן אין סאַן־רעמאָ פייערלעך, דורך דעם יורידישן אַקט פון דעם פּאַלעסטינע־מאַנדאַט, באַשטעטיקט די היסטאָרישע פאַרבינדונג צווישן ישראל און זיין לאַנד. עס איז געווען און געבליבן אַ נייער ווענד־פּונקט אין דער געשיכטע פון אידיש־קריסטלעכע באַציאונגען. אויב די עמאַנציפּאַציע האָט אונז ווי אַ פּאָלק אונטערגעטראָגן איר „גאַרניט״, האָבן די פעלקער דורך יענעם אַקט געפּרואווט מאַכן אַ סוף צו אָט דעם „גאַרניט״. קומט די אַסימילאַציע אין אַמעריקע און דער פּסיידאָ־אַחד־העמ׳יזם אויפן

הר הצופים אוןביידע ווילן דעם „גאָרניט״ פון דער עמאַנציפּאַציע צוריק אַריינברענגען אין אידישן לעבן און אין דעם באַוואוסטזיין פון די פעלקער.

ווי איז צו אונז אַלעמען, אויב עס שטרעבט דערצו — באַוואוסטזיניק אָדער ניט באַוואוסטזיניק — איינער, וואָס האַלט זיך פאַר אַ „צופה לבית ישראל״... און פאַרוואָס זאָל ער זיך ניט האַלטן, אַז מען האָט דאָך אים טאַקע, אים און ניט קיין אַנדערן, אַרויפגעזעצט אויפן באַרג פון די צופים אין ירושלים עיר הקודש?

זיצט ער אויבן און וועכטערט און היט, אפשר אַליין ניט וויסנדיק, די אינטערעסן פון דעם אונטערגאַנג...

ווי שטייט ביי פּרצ׳ן? „ווי צום וועכטער, שפּאָט און שאַנד״... איז עס ניט קיין טראַגעדיע, ווען אין אַזאַ געשיכטלעכער נאַכט האָבן מיר אַזעלכע וועכטער — וועכטער, וואָס האָבן קיין אויגן ניט?

## 5

## אַראַבישע קריוודע און אידישע גזלנים

אַמעריקאַנער אַגרעסיוו־געוואָרענע אַסימילאַציע נעמט זיך לעצטנס שטאַרק צום האַרצן די קריוודע פון די אַראַבער. עס שטעלט זיך אויך איין פאַר זיי דער „רעליגיעזער אוניווערסאַליסט״ אויף דעם הר הצופים, וואָס האָט פאַרשלעפּט פון אַמעריקע טויטע רעפאָרם־אידעאָלאָגיע און האָט זי צו־נויפגעמישט מיט אַן אחד־העמ׳יזם, וואָס האָט מיט אחד־העמ׳ן קיין שייכות ניט.

דאָס רחמנות אויף די אַראַבער איז זייער גרויס און די רחמנים בני רחמנים קאָנען פשוט ניט צוזען זייער צער.

וואָס איז דער אמת וועגן די אַראַבישע פּרעטענזיעס אויף דעם לאַנד, וואָס אונזערע מענטשלעכע רעכט אויף אים זיינען יורידיש באַשטעטיקט גע־וואָרן דורך דעם אַקט פון סאַן־רעמאָ, און אונזערע געטלעכע רעכט אויף אים — דורך דעם תנ״ך?

ארץ־ישראל איז קיין מאָל ניט געווען, ניט פּאָליטיש און ניט היסטאָריש, קיין אַראַבער־לאַנד. די אַראַבער האָבן דאָרט קיין מאָל ניט געשאַפן וועלכע־עס־איז אייגענע גייסטיקע אָדער מאַטעריעלע ווערטן און דערפאַר האָט דאָס לאַנד קיין מאָל ניט געהייסן אויף זייער נאָמען. איז דען ארץ־ישראל פאַר דער גאַנצער צייט פון אונזער גלות ווען־עס־איז באַזעצט געוואָרן דורך אַ פאָלק, וואָס זאָל האָבן זיך דאָרט איינגעוואָרצלט פסיכיש און נאַציאָנאַל־קולטורעל? פון זינט מיר זיינען אין גלות אַוועק, האָבן כלערליי פעלקער־שטאַמען דורכגעשטראָמט דורך דעם חרוב־געוואָרענעם לאַנד, וואָס האָט זיי

ניט אויפגענומען אין זיך, ווי עס וואָלט געגומען אויף זיך אַ שטילן נדר, צו וואַרטן דורך לאַנגע דורות פון צעשטערונג אויף דעם אידישן צוריקקער. דאָס לאַנד פון ישראל האָט געוואַרט אויף ישראל, האָט געוואַרט אויף דעם וואונדער פון ווידער־באַהעפטונג מיט שטילער אייביקער געדולד.

פּאָליטיש האָט דאָס לאַנד געהערט צו טערקיי, נאַציאָנאַל־קולטורעל — צו קיינעם ניט. ניט קיין אַראַבישע נאַציע איז געזעסן אין ארץ־ישראל, נאָר אַזויגערופענע אַראַבער, וואָס האָבן ראָסן־מעסיק געהערט צו די פאַרשידנסטע פעלקער־שטאַמען און האָבן ווי אַ שותפות׳דיקן שטריך געהאָט בלויז דעם אַראַבישן אידיאָם. האַלב־ווילדע, האָבן זיי געלעבט אין אַ האַלבן מדבר און האָבן קיין מאָל ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן ווילן צו פאַרוואַנדלען וויס־טענישן אין אַ לאַנד. אָט דער אָרעמער, ביז גאָר קליינער, ניט־ציוויליזירטער געמיש פון שבטים האָט זיך אָנגעהויבן באַטראַכטן ווי אַ טייל פון דעם אַראַ־בישן פאָלק ערשט נאָך דעם ווי אידן זיינען געקומען, פאַרוואַנדלט דאָס חורבן־לאַנד אין אַ בליענדיקן ישוב, און אַזוי־אַרום געגעבן דעם דאָזיקן צופעליקן געמיש די מעגלעכקייט צו פאַרגרעסערן זיין צאָל און זיין פּאָזיציע. די אַגיטאַציע פון די אַראַבער אין די אַרומיקע לענדער און די ענגלישע „וויס־בוך״־פּאָליטיק האָבן מיט טויזנט קונצן געמאַכט פון אים אַ געפער־לעכן אבן־נגף אויפן וועג פון אידישן צוריקקער.

די אָרעמע אַראַבער, נעבעך, וועלן באַגזלט ווערן, אויב זייט ביי זייט מיט זייערע מלוכות און טעריטאָריעס וועט עקזיסטירן אַ קליין אידיש היימלאַנד, אַ מקום־מקלט פאַר דעם אייביקן איד, וואָס ווערט געפּייניקט דורך דעם איי־ביקן קין. זיי זיינען ממש איינגעשטעלט, וואָרום אָט קומט ער אַליין, דער אידישער גזלן, און וויל זיי באַרויבן.

קלעמט דאָס „אוניווערסאַליסטישע״ האַרץ פון די אַסימילאַציע־לייט, ערשטנס, איבער דעם טראַגישן גורל פון דער אומשולדיקער אַראַבישער נאַציע, צווייטנס, איבער דעם „גזלנישן״ געמיט־צושטאַנד פון דעם אייגענעם פאָלק טאַקע, וואָס פאַרראַט דעם אוניווערסאַליזם פון די נביאים און לאָזט זיך אויף דעם געפערלעכן וועג פון עוולות און גזלות.

פאַראַן ביי פראַנץ ווערפעל אַ ראָמאַן מיטן נאָמען: „ניט דער מערדער איז שולדיק, נאָר דער דערמאָרדעטער״. קומט דער נאָמען פון ווערפעל׳ס ראָמאַן אויפן זינען איטלעכס מאָל, ווען מען הערט די פראָ־אַראַבישע טענות פון די רחמנות־האָבער, וואָס פאָדערן יושר ניט פאַר דעם געפאַלענעם, נאָר פאַר דעם באַפאַלער, און קענען אין זייער האַרץ ניט געפינען דאָס ביסל רחמנות פאַר דעם אייגענעם פאָלק, וואָס „די גאַנצע וועלט איז זיין עשאַפאָט״, צו נוצן ביאַליק׳ס באַרימטן אויסדרוק.

דאָס שענסטע אין אָט דער צביעות־דיקער רחמנות איז דאָס, וואָס די אַראַבער גופא נויטיקן זיך אין איר אָם ווינציקסטן. זיי קענען, כידוע, זייער

שטעטל אויסגעצייכנט אַליין באַשטיין, און דערפאַר טאַקע האָבן זיי געלאָזט הענגען אין דער לופט די „איחוד״־האַנט, וואָס עס האָט צו זיי אויסגעשטרעקט מיט אַזאַ געהויבענעם זשעסט דער „אוניווערסאַליסט״ דר. מאַגנעס.

זיי גייען ניט און ווילן ניט גיין אין נאָמען פון יושר, ווייל זיי ווייסן, אַז יושר איז אַ קנאַפּער אַרטיקל, און במילא נויטיקן זיי זיך ניט אין מאַגנעס'עס יושר־אָנבאָט און אין זיין דאָן־קיכאָטישן פּראָיעקט פון אַ פּאַן־סעמיטישער פעדעראַציע.

די אַראַבער דאַרפן ניט האָבן אָט די שפּאָגל־נייע המצאה פון פּאַן־סעמיטיזם, וואָס דאַרף שטעלן אונטער איין דאַך ישמעאל און ישראל, ווייל ישראל'ן מעקן זיי אויס פון חשבון. וואָס טויג זיי פּאַן־אַנטיסעמיטיזם? זיי האַלטן פאַר לחלוטין גענוג זייער אייגענעם „איזם״ — דעם אימפּעריאַליסטישן פּאַן־אַראַביזם.

דער חלום פון פּאַן־סעמיטיזם האָט ניט אומזיסט גענומען טאַנצן פאַר דר. מאַגנעס'עס אויגן. אונטער־באַוואוסטזיניק האָט דאָ ווידער אַ שפּיל געטאָן דער שד פון אַסימילאַציע, וואָס האָט שוין באַצייטנס גע־נומען ערגעץ־וואו צוגרייטן דעם באָדן פאַר דער מעגלעכקייט פון אַ שפּאָגל־נייעם אַסימילאַציע־טיפּ: אַ פּראָספּעקטיוון „אַראַבער פון משה רבינו'ס גלויבן״.

ס'איז פאַראַן אַ קינסטלעך געשאַפענע און קינסטלעך אויפגעשרויפטע אַראַבער־פראַגע אין ארץ־ישראל, אָבער אונזער באַוואוסטזיניקע און אונטער־באַוואוסטזיניקע אַסימילאַציע וויל האָבן, אַז עס עקזיסטירט אין ארץ־ישראל ניט קיין אַראַבער־פראַגע, נאָר אַ אידן־פראַגע. זיי קאָנען זיך עס אַנדערש ניט פאָרשטעלן, אָט די מענטשן, ווייל זיי זיינען שוין אַזוי געוואוינט, אַז „איד״ זאָל זיך בינדן ביי זיי מיט „פראַגע״. מען וואָלט בפירוש געקאָנט זאָגן אויף זיי, אַז ווען עס וואָלט קיין אידן־פראַגע קיין מאָל ניט געווען, וואָלטן זיי אַליין זי אויסגעטראַכט. אַלץ דערפאַר, ווייל זיי דאַרפן האָבן דעם גלות, ווייל זיי נויטיקן זיך אין אים פּסיכיש, ווייל זיי וואָלטן געווען אומגליקלעך, ווען די גאולה וואָלט געקומען. אין פּלוג איז עס אַ ווידערשפּרוך. די אַסימילאַציע, האָבן מיר געזאָגט, ברענט מיט דעם חשק צום פאַרשווינדן, מיט אַ מין פּרוי־דיאַנישן ווילן צום טויט. וואָלט זי דאָך על־פּי שכל געדאַרפט שטרעבן דער־צו, אַז דער נאַציאָנאַלער טויט זאָל צו דער אידן־פראַגע, און במילא אויך צום גלות, מאַכן אַ סוף. איז עס אָבער ניט אַזוי. די אַסימילאַציע וויל ביידע זאַכן: אי אונטערגאַנג, אי אומענדלעכן גלות.

אָבער קיין צו־גרויסע טענות דערפאַר קאָן מען צו דער אַלטער מומע אַסימילאַציע ניט האָבן. זי איז דאָך ווי אַ דערשיינונג סיי־ווי־סיי ניט מער ווי איין גרויסער ווידערשפּרוך, — דער ווידערשפּרוך, וואָס ליגט אין דעם גלות גופא.

## 6

# הרצליה און שאַנגרי־לאַ, אָדער: ווי מ׳זוכט עצות קעגן משיח׳ס צייטן

מען דערציילט אַ מעשה: אַ ישוב׳ניק איז אַמאָל אַהיים געקומען צו זיך אין דאָרף און האָט דערציילט זיין פלונית׳טע, אַז עפעס האָט מען אין שטאָט צווישן יידן געשמועסט, אַז עס איז משיח׳ס צייטן. האָט די ישוב׳ניצע פאַרשטאַנען, אַז מן הסתם איז עס אַ נייע גזירה אויף אידן, האָט זי גענומען טרייסטן דעם מאַן אירן: זאָרג ניט, משה! אידן האָבן אַזוי פיל גזירות איבער־געלעבט, וועט דער רבונו של עולם העלפן און מען וועט, אם ירצה השם, די גזירה פון משיח׳ס צייטן אויך איבערלעבן.

אונזערע ריטער פון „אוניווערסאַליזם״ פרואוון אויף אַלע אופנים אָפּ־שרייען די גזירה פון משיח׳ס צייטן — איז איינעם פון זיי איינגעפאַלן, אַז פשרה איז אויך אַ וועג. אולי ירחם...

אַ ראַביי־עמעריטוס פון אַ גרויסן טעמפל איז דאָ ניט לאַנג אַרויס מיט אַ פלאַן פון אַ פשרה צווישן די נאַציאָנאַלע אידן און די אַזויגערופענע אוני־ווערסאַליסטן. שוין איינמאָל אַ פלאַן! ציוניסטן הערן אויף צו ריידן וועגן אַ אידישן שטאָט, וואָס דאָס איז, כידוע, קעגן אוניווערסאַליזם און דזשודאַאיזם, און אין דעם זכות דאַרפן די אוניווערסאַליסטן אַנערקענען, אַז דער ענגלישער וועקסל מוז געצאָלט ווערן און אַז דאָס, וואָס ענגלאַנד האָט צוגעזאָגט, דאַרף זי האַלטן. זי דאַרף עס טאָן צוליב פשוטער דזשענטלמענישקייט. לייטישע מענטשן צאָלן זייערע וועקסלען און האַלטן וואָרט, אויב זיי האָבן צוגעזאָגט.

אָבער וואָס הייסט עס, אַז ענגלאַנד דאַרף מקיים זיין איר צוזאָג? הייסט עס אפשר, אַז זי דאַרף עטאַבלירן אַ אידישע מלוכה? ניין, אַ אידישע מלוכה טאָר עס בשום אופן ניט הייסן, ווייל דעמאָלט זיינען דאָך מורא׳דיק איינגע־שטעלט די אינטערעסן פון דזשודאַאיזם, וואָס איז אַ „טשוירטש״ און האָט גאָרנישט צו טאָן מיט נאַציע. ווי־זשע זאָל מען פאָרט אַ נאָמען געבן דעם קינד? דער ראַביי האָט געטראַכט און געפונען. מען קאָן עס אַ נאָמען געבן: הרצליה. אַז מען וויל, קאָן עס אויך הייסן ציונה. אָבער, למען השם, זאָל עס נאָר ניט הייסן ישראל׳ס לאַנד. זאָל עס נאָר ניט האָבן צו טאָן מיט אַזאַ טריף־פסולער זאַך, ווי אַ אידן שטאָט.

דער ראַביי איז מסכים, אַז יענע „סעקשאַן אָוו איזראַעל״, וואָס האָט זיך גענומען אין קאָפּ אַריין דאָס משוגעת פון אַ אידישער מדינה, מעג שטרעבן צו ווערן אַ מערהייט (איר הערט? אַ מערהייט!) אין הרצליה אָדער ציונה. עס טאָר נאָר ניט הייסן, אַז דאָס איז דאָס לאַנד פון דער אידישער נאַציע. עס דאַרף בלויז זיין די היים פון אַ הערצל־סעקציע אין ישראל. אָט, הערצל־

אַנהענגער האָבן געשאַפן אַ מערהייט אין אַ קליינעם פּאָדער־אַזיאַטישן לאַנד. דאָס איז שוין ניט אַזוי געפערלעך. עס וועט הייסן, אַז אידן — דאָס הייסט: אַ טייל מיטגלידער פון דער אַלוועלטלעכער אידישער טשוירטש — זיינען אין הרצליה געוואָרן אַ מערהייט אויף דעם זעלבן אופן, ווי קאַטאָליקן אָדער פּראָטעסטאַנטן זיינען אַ מערהייט פון דער באַפעלקערונג אין דעם לאַנד אָדער אין יענעם.

פון דעם געניאַלן אויפטו האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט, כאָטש דער ראַביי האָט צוגעזאָגט, אַז אויב די נאַציאָנאַליסטישע אַפּיקורסים וועלן אָננעמען זיין פּלאַן — וועט מען זען שטיצן די פאָדערונגען, וואָס זיי שטעלן אַרויס צו ענגלאַנד.

אין וועמענס נאָמען האָט דער ראַביי־עמעריטוס גערעדט? אין זיין אייגענעם. וואָרום די „אוניווערסאַליסטישע" אַסימילאַציע האַלט, חלילה, ניט דערביי, זי זאָל איינגיין אויף אַ אידישער מערהייט אין ארץ־ישראל, אַפילו ווען ארץ־ישראל זאָל הייסן ארץ־הערצל. זי ווייס, אַז אויב עס וועט זיין אַ מערהייט, וועט במילא זיין אַ מלוכה, און אויב אַ מלוכה, וואו אידן זיינען די מערהייט, איז דאָס שוין במילא אַ אידן־שטאַט, און ניט, זאָגן מיר, אַ כינעזער־שטאַט.

ניט אין ווערטער גייט עס דער אַסימילאַציע, ניט אין בייטן נעמען און טערמינען, נאָר אין תוך־זאַכן. און דערפאַר מוז זי זיין פאַר אַ אידישער מינדערהייט אין ארץ־ישראל, קיין מאָל ניט און אונטער קיין שום באַדינג ניט פאַר אַ מערהייט. ווען עס וואָלט זיך געווענדט אָן איר, וואָלט זי ניט דערלאָזט דאָרט אַפילו קיין מינדערהייט.

ירושלים, — האָט געזאָגט דר. גייגער, — איז ניט מער ווי אַ געדאַנק. אַזוי זאָגט די אַסימילאַציע ביז היינט און דערפאַר קאָן ניט און וועט ניט זיין קיין פשרה צווישן דעם מוטנעם וואַסער פון אירע טעאָריעס און דעם פייער פון בענקשאַפט נאָך אידישער ערד.

די דאָזיקע טעאָריעס זיינען ניט מער ווי אַ פּוסטע דעקאָראַציע פאַר דער ביליקער סצענע פון פשוטער, קאָנקרעטער, גאָרניט אידעאָלאָגישער, טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק פון אויסמישונג און גוי׳זירונג.

וועגן אָט־דעם סאָרט אַסימילאַציע זאָל דאָ גערעדט ווערן.

עס זיינען דאָ צווישן די פאַרבלאָזע מאַסן פון אונזערע אַמעריקאַנער נייטראַלע, אַזוי צו זאָגן, „דזשוס", אַזעלכע, וואָס אויב זיי האָבן נאָך אַ לעצטן רעשטל פון אידישן באַוואוסטזיין, גלויבן זיי, אַז זיי וועלן פאַר אָט־דעם בידנעם רעשטל אויסגעצייכנט יוצא זיין, ווען זיי וועלן אַמאָל אַריינוואַרפן אַ נדבה פאַר ארץ־ישראל־טשאַריטי. יאָ, אַזוי איז עס. די באַציאונג צו ארץ־ישראל איז ביי אָט־דער קאַטעגאָריע אידן אין אַמעריקע ניט מער ווי אַ טשאַריטי־באַציאונג. עס הייסט, אַז זיי זיינען מנדב אויף דעם „דעוועלאָפּמענט

אָוו פּאַלעסטיין", אָבער ווייטער — איז דאָס ניט זייער עסק. אויך די ראַבייס פון דעם „קאָונסיל" האָבן דאָך דערקלערט און דערקלערן, אַז קעגן דעם „דעוועלאָפּמענט אָוו פּאַלעסטיין" האָבן זיי גאָרניט.

ווען מיר לאָזן איצט ריידן איינעם אַזאַ „דעוועלאָפּמענט"־איד, וואָס באַצייכנט זיך אַליין ווי אַ מענטש פון פאָלק. זיינע טענות זיינען אָפּגעדרוקט אין אַ פּראָווינציעלער ענגליש־אידישער אויסגאַבע טאַקע אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם „קאָונסיל" פון די אַנטי־ציון־ראַבייס און מיט דעם טומל, וואָס איז אויפגעקומען אַרום דעם. איז כדאי דאָ איבערצוגעבן דעם תמצית פון זיינע רייד, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם „דעוועלאָפּמענט"־צוגאַנג.

נאָכדעם ווי דער „פּריוואַט־מאַן", ווי ער רופט זיך אָן, איראָניזירט איבער דער „סעקשאָן אָוו איזראַעל", וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דער גרופּע אַנטי־ציון־ראַבייס, און נאָכדעם, ווי ער שטעלט פעסט, אַז עס זיינען דאָ אַ סך אַזעל־כע ווי ער, וואָס טראַכטן פון „פּאַלעסטיין" ניט אין טערמינען פון אַ אידישער מלוכה, בכלל ניט אין טערמינען פּאָליטישע, נאָר אויסשליסלעך און בלויז ווי וועגן „אַ זיכערן און גליקלעכן פּלאַץ פאַר היימלאָזע אידן זיך דאָרט צו באַ־זעצן און צו אַרבעטן" — גייט ער איבער צו דערציילן זיין אייגענעם פאַל.

דער מחבר רעדט וועגן זיך בלשון נסתר, וועלנדיק אויף אַזאַ אופן באַטאָ־נען, אַז ער נעמט זיך אַליין אַלס טיפּישןביישפּיל.

„ער (דער מחבר, הייסט עס) איז גלייך צו אַ סך אַנדערע אין ישראל דערמיט, וואָס ער האָפט צו זען ווי פּאַלעסטינע וועט ווידער פליסן מיט מילך און האָניק אַ דאַנק היימלאָזע אידן, וואָס וועלן דאָרט געפינען אַ פריינדלעכן האָפן. ער דערוואַרט אָבער ניט אַ אידישן פּאָליטישן שטאַט אין פּאַלעסטינע.

„מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט מען אים צוגערעדט אַריינצוטרעטן אין דער לאָקאַלער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט איינגעצאָלט פינף דאָ־לאַר. ס׳איז אים ניט איינגעפאַלן צו ווערן אַ מיטגליד פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, וואָס איר ציל איז צו גרינדן אין פּאַלעסטינע אַ אידישן שטאַט. ער האָט געטראַכט: וועל, פאַר מיין פינפערל וועט מען פלאַנצן אַן איילבירט אָדער עס וועט מיטהעלפן ביים פאַרלייגן אַ פּרדס.

„ער איז דעם קומענדיקן יאָר אַרויסגעטראָטן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט דערגרייכט אַ גרעסערע קלאָרקייט מכוח דעם אונ־טערשיד צווישן סימפּאַטיע פאַר דער פלאַנצונג פון איילבירטן און דער אָנגע־העריקייט צו אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, וואָס וויל גרינדן אַ נייע מלוכה.

„ער האַלט, אַז כדי אַריינצוטראָגן ליכט אין אַ סך פאַרווירטע מוחות, איז נויטיק אויפצוקלערן די צוויי זייטן פון דעם פּאַלעסטינע־ענין.

„פּונקט ווי ער, זיינען אַ סך אַנדערע אידישע פּריוואַט־לייט טיף באַ־זאָרגט צוליב דער קאָנצעפּציע פון אַ נאַציאָנאַלן אידישן היימלאַנד. זיי קענען בלויז איין היימלאַנד — אַמעריקע. זיי ווילן ניט געשטעלט ווערן אין

אַ צווייטדייטיקער פּאָזיציע, צו מוזן תמיד אויסטייטשן זייער נאַציאָנאַלע אידענ־טישקייט פאַר מענטשן, וואָס ווילן וויסן, וואו דער איד זעט זיין היימלאַנד: דאָ, אָדער אין פּאַלעסטיין. עס זיינען דאָ געגוג אַנדערע פּראָבלעמען, אַז מ׳זאָל נאָך דאַרפן צוגעבן נייע.

„זיין (דעם מחבר׳ס) האָפענונג, צו זען ווי פּאַלעסטינע ווערט פאַר אידן אַ גוט לאַנד צום וואוינען, איז אַזאַ, אַז ער האָט מורא, אַ אידישע מלוכה זאָל ניט דאַרפן לעבן אונטער דער באַלאַגערונג פון באַטריבטע אַראַבער, וואָס האָבן — מען מוז מודה זיין — אַ זייער גוטע פּרעטענזיע אויף פּאַלעסטיין.

„ער גיט אויך ווייטער זייןביישטייערונג פאַר דעם אויפבוי פון אַ פּאַלעס־טיין, וואָס וועט, ווי ער האָפט, זיין אַ שאַנגרי־לאַ פאַר אידן, אָבער ניט קיין פּאָליטישער שטאָט. עס קאָן ניט זיין קיין שאַנגרי־לאַ און צו גלייכער צייט אַ אידיש לאַנד, אַרומגערינגלט פון ביטערע שונאים.״

עד כאַן — די רייד פון דעם „פּריוואַטמאַן״.

ארץ־ישראל דאַרף ווערן אַ שאַנגרי־לאַ פאַר היימלאָזע אידן, אַ וואוינ־לאַנד, אָבער ניט קיין נאַציאָנאַל־לאַנד. עס קען ווידער פליסן מיט מילך און האָניק, ווידער ווערן אַן ארץ זבת חלב ודבש, אויב מען וועט נאָר ניט מצער זיין די באַטריבטע אַראַבער, וואָס האָבן זייער אַ גוטע „קעיס״ בנוגע „פּאַלעסטיין״, און אויב מען וועט זיך אָפּזאָגן פון דעם געפערלעכן געדאַנק וועגן אַ אידישער מלוכה. ער, דער „פּריוואַטמאַן״, פּונקט ווי אַ סך אַנדערע אַזעלכע ווי ער, איז פאַרן „דעוועלאָפּמענט אָוו פּאַלעסטיין״, און עס אַרט אים בפירוש ניט, אויב מען וועט דאָרט פלאַנצן איילבירטן. וואָס נאָט? נאָך אַלעמען, פּאַלעסטיין איז אַ שיין לאַנד, און אויב מען וועט עס נאָר אָוועקגעבן די אַראַבער — וועלן די היימלאָזע אידן דאָרט לעבן ווי אין אַ גן־עדן־התחתון, באָדן זיך אין האָניק און מילך, רייטן אויף קעמלען און שיילן פּאָמעראַנצן.

מיט וועלכע ניסים וועלן עס די ווייטע קוזינען, די „דיסלאָקייטעד דזשוס״, באַוויזן די קונץ צו לעבן אַזוי זיכער און גליקלעך אין דעם שאַנגרי־לאַ, המכונה פּאַלעסטיין, אויב פּאָליטיש וועט דאָס לאַנד געהערן ניט צו זיי, נאָר צו די אַראַבער? — דאָס בלייבט, פאַרשטייט זיך, אַ פּריוואַט־סוד פון דעם „פּריוואַט־מאַן״.

דער עיקר איז, אַז מען קאָן ניט און מען טאָר ניט דעם חשוב׳ן פּריוואַט־מאַן שטעלן אין אַ „צווייטדייטיקער פּאָזיציע״. אַזאַ זאַך וואָלט געווען, פאַר־שטייט זיך, די גרעסטע טראַגעדיע. מ׳קען דאָך ניט נעמען און אומגליקלעך מאַכן מענטשן.

אָי, פאַרוואָס עפּעס מוז די פּאָזיציע זיינע ווערן אַזוי טראַגיש, אַזוי „צוויי־דייטיק״? פרעגט ניט. על־פּי שכל קאָן מען טאָקע זיין אַן אויסגעצייכנטער, טיף פאַרוואָרצלטער און לאָיאַלער בירגער פון אַמעריקע, און דאָך זאָלן אידן, ניט ווי יחידים, נאָר ווי אַ פאָלק, האָבן זייער אייגענע מלוכה, אויף דעם זעלבן

שטייגער, ווי עס שטערט ניט דער לאָיאַליטעט פון דעם אַמעריקאַנער איריש־מאַן דאָס, וואָס אירלאַנד איז אַ באַזונדערע זעלבשטענדיקע מדינה.

אָבער דאָס איז דאָך נאָר על־פּי שכל. על־פּי אַסימילאַציע איז אַנ־דערש.

על־פּי אַסימילאַציע איז גילטיק עד־היום יענע פאָרמולע פון די צייטן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: „פאַר אידן ווי אַ פאָלק — גאָרניט".

גאָרניט, אָדער — ווייס איך דאָרט, פרעג מיך בחרם, שאַנגרי־לאַ!

* * *

וואָס? אַ פאָלק גייט אָפּ מיט בלוט? אַ פאָלק דאַרף ווערן גערעטעוועט? אָלרייט — ווער זאָגט דען, אַז ס'איז אַ פאָלק?

אַ פאָלק איז עס? נאָו, סער. ס'איז אַ „טשוירטש".

אַ פאָלק? נאָו, סער. אַ ביסל „דיסלאָקייטעד דזשוס".

אַ מלוכה ווילט איר? ס'איז טערר־ריבל!

אַ מלוכה איז גוט פאַר גויים. אונז, אידן, האָבן עס פאַרבאָטן די נביאים. דאָס ערשטנס. והשנית —

ס'וואָלט אונז געשטעלט אין אַ „צווייִדייטיקער פּאָזיציע".

אייך געפעלט ניט אונזער אידישקייט? אָלרייט, מיר זיינען די בעסטע אידן אויף דער וועלט — מיר זיינען אוניווערסאַליסטן.

און אַז מען דאַרף — זיינען מיר „פּריוואַט־לייט". מיר האָבן גאָרניט קעגן „דעוועלאָפּמענט". ווי איר קוקט אונז אָן, זיינען מיר פאַר טייטלען, איילביירטן, קעמלען, באַקסערן וכדומה.

וואָס־זשע האָט איר צו אונז?

איר זייט דאָך, נאָך אַלעמען, ניט מער ווי אַ „סעקשאַן אָוו איזראַעל". איז אויב איר ווילט, — גייט איך קיין שאַנגרי־לאַ!

און מיר? מיר וועלן, — אַלס פּריוואַט־לייט, יו נאָו, — אייך מיט־געבן אויפן וועג — אַ פינפערל.

אַ שטרענג־פּריוואַטן פינפערל פאַר „דעוועלאָפּמענט". שיין פון אונ־זער זייט?

און אַז מען וועט אונז פרעגן: ווער זייט איר? — וועלן מיר ענטפערן: מיר זיינען פּריוואַט־לייט פון באַיבל־אָפּשטאַמונג, פּריוואַט־אוניווערסאַליסטן פון דער אידישער טשוירטש.

און אַז מען וועט אונז פרעגן וועגן פאַלעסטיין, וועלן מיר זאָגן:

איר מיינט שאַנגרי־לאַ? אָ, יעס, מיר האָבן דאָרט ווייטע קרובים. פאָני פּיפל, יו נאָו. עפּעס האָבן מיר געהערט פון זיי, נאָר קיין שייכות מיט זיי האָבן מיר ניט.

און אַז אַנטיסעמיטן װעלן אונז פונדעסטװעגן שפּײען אין פּנים, װי קײנ־מאָל גאָרניט, װעלן מיר דעם שפּײ אַרונטערװישן מיט אַ ײדן טיכל, אַ שמײכל טאָן און זאָגן: נעװער מאַינד, ס'איז געװען אַ רעגן.

און אַז אונזער ביסל אידישקײט װעט זיך פאַרט אַמאָל אױפכאַפּן מיט אַ געװײן װי אַ דערשראָקן קינד, װאָס זוכט שוץ קעגן אַ בײזן חלום, — װעלן מיר עס פאַרװיגן מיט אַ לידל: שאַ, שאַ, שאַנגרי־לאַ! שאַ, שאַ, שאַנגרי־לאַ!

ובאַ לאַנטי־ציון גואל — ונאמר אָמן...

## 7

## צעטרעט די שלאַנג!

היט זיך פאַר דער שלאַנג פון אַסימילאַציע. זי קריכט פון אַלע זײטן — אַסימילאַציע טעאָרעטישע און נאָכמער פּראַקטישע.

װי דער נחש אמאָל, אַזױ טראָגט זי, די שלאַנג פון אַסימילאַציע, אַ קרױנדל אױפן קאָפּ — דאָס קרױנדל פון „װעלט", פון „אַלמענטשלעכקײט", פון „אוניװערסאַליזם".

און דאַרף זי — װערט זי „נאַציאָנאַל" אַפילו, אָבער אין דעם װעט איר דערקענען די שלאַנג, װאָס זי לערנט איך צו גלױבן אין דער אײביקײט פון גלות.

צוטרעט זי — און זאָגט:

מיר גלױבן אין דער װעלט, און דערפאַר טאַקע װילן מיר אַן אָרט אין דער װעלט און ניט אױסער איר.

מיר זײנען אַ װעלט־פאָלק, און דערפאַר טאַקע װילן מיר צוריק ארץ־ישראל — דאָס װעלט־לאַנד.

מיר זײנען פאַר עמאַנציפּאַציע, אָבער פאַר אמת'ער. מיר זײנען פאַר אַן עמאַנציפּאַציע אַ נײער, אַן עמאַנציפּאַציע אַ בעסערע, אַן עמאַנציפּאַציע אַ צװײטער. מיר זײנען פאַר דער נאַציאָנאַל־טעריטאָריעלער עמאַנציפּאַציע פון דעם ײדישן פאָלק.

